
שטערל נאַר
די געשיכטע פון אן אומבאַקאַנטן העלד
פון ש. סימאָן
אילוסטרירט פון אהרן גודלמאַן
פאַרלאַג מתנות

געווידמעט ליבע לעהרער,
וואָס דורך זיין מי ווערט
געשאַפן אַ אידישע קינדער
ליטעראַטור אין אַמעריקע

# אינהאַלט




שמערל נאר

# שמערל נאַר.

אַ מאָל איז געווען אַ מאַן מיט אַ פרוי. האָבן זיי געהאַט זיבן קינדער, זעקס זיינען געווען שיינע, געראָטענע און קלוגע. דער זיבעטער איז געווען אַ מיאוסער און אַ נאַר.

האָבן פאָטער און מוטער ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זייער נארישן זון. וואָס מען האָט אים געלערנט איז געווען פון איין אויער אריין דורכן אַנדערן ארויס. וואָס מען האָט אַנגעזאָגט דעם קעצישן מוח, האָט ער אַלץ פאַרגעסן.

ערגער פון אַלץ איז געווען, וואָס אַלע קינדער האָבן זיך מיט אים גערייצט — אים גערופן אָפּגעריסענער נאַר, קעלבערן פּנים, פאַרשלעפּטע קרענק און נארישער באָק. שמערל נאַר פלעגט ווערן אין כעס, כאַפּן אַ שטיין, אַ שטיק האָלץ — רעכט איינעם דעם קאָפּ צו שפּאַלטן. פלעגן זיך די קינדער צעלויפן, באַהאַלטן זיך, און פון באַהעלטעניש אים נאָכזינגען:

שמערל נאַר איז
הויך און דאַר,
שמעקט מיט האַר, (רויך)
כאַטש אין קוימען שפּאַר.

אַז שמערל פלעגט עס דערהערן, פלעגט ער זיך צעוויינען אויפן קול, אַזועקלויפן צו דער מאַמען און מרוקן:

— מאַמע, מע רייצט זיך מיט מיר! מאַמע, מע רופט מיך שמערל בעקל! מאַמע, זיי זאָגן אַז איך בין הויך און דאַר און שמעק מיט נאַר! מאַ־אַ־מע־עע....

— גענוג שוין צו וויינען, פאַרשווין מיינער, — פלעגט די מאַמע אויף אים אָנשרייען, — זיי ניט קיין נאַר, וועט מען פון דיר ניט לאַכן!

— ווי זאָל איך ניט זיין קיין נאַר?

— זיי קלוג!

— איך קאָן ניט!

איך ווייס, צאַצקע מיינע, אַט־דאָס איז דאָך מיין אומגליק. וואָס טוט מען מיט דיר, וואָס טוט מען מיט דיר!?

שמערל איז געוואַקסן און מיט אים איז געוואַקסן זיין נאַר. זעקס קינדער — אַ ברכה פאַר לייטן, נאַר איינער אַ שלומיאל, אַ גאַטס שטראָף, עפּעס דאַרף מען דאָך טאָן!

וואָס טוט מען טאַקע? אָט איז שמערל אויסגעוואַקסן, אַ הויכער בחור, שטאַרק ווי אייזן, מיט אַ פּנים ווי אַ לאָקשנברעט, וואָס טוט מען מיט אים?!

— שיקט אים אויף דער וועלט — האָבן לייט געראָטן, — שיקט אים אויף דער וועלט. ער וועט זיך רייבן צווישן מענטשן, וועט זיך פון אים עפּעס אויסרייבן.

— כ׳לעבן אַ גוטע עצה, — האָבן פאָטער־און־מוטער געזאָגט, — זאָל ער אָנזען אַ וועלט. וואָס איז דער תכלית אים האַלטן אין דער היים, און קינדער זאָלן אים נאָכזינגען „שמערע מערע״, „שמערל בעקל״, און דער יונג זאָל ווערן ווילד, רעכט מענטשן צו הרג׳ענען?

האָבן טאַטע־מאַמע זיך אַ כוח אָנגעטאָן, אויפגענייט שמערלען אַ נייעם אַנצוג און אַ פּאָר שיך, געקויפט אַ היטל, צורעכט געמאַכט עטלאַכע העמדער, אַריינגענייט אין זשילעט עטלאַכע מטבעות, און אויסגעריכט זייער זון דעם שלימזל אין דער וויטער וועלט אַריין.



# שמערל נאַר כאַפּט אַ גנב

שמערל נאַר אין דער גרויסער וועלט

שמערל האָט זיך געלאָזן אין וועג אַריין און איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט. יאָרן זיינען אַריבער. די שיך האָבן זיך שוין לאַנג צעריסן, פון אַנצוג זיינעם איז געוואָרן שמאַטעס. דאָס שיינע היטל האָט שוין געהאַט אַ לאָך אין רעכטן מיטן, און שמערלען איז שוין אויסגעוואַקסן אַ באָרד. אָבער קלוגער איז ער ניט געוואָרן.

שמערל האָט שוין לאַנג פאַרגעסן אָן זיין טאַטע-מאַמע, פאַרגעסן אָן זיין היים. ער איז געוואָרן אַן איינגעהויקערטער בעטלער מיט אַ נאַרישן שמייכל און אַ דערשלאָגן פּנים, האָט געטראָגן אַ טאָרבע אויף די פּלייצעס, אַ שטעקן אין האַנט, און געהאַט אַ לאַנגע באָרד מיט קאָלטענעס.

גייט אַמאָל שמערל אין וועג מיט זיין שטעקן אין האַנט און מיט דער טאָרבע אויף די פּלייצעס. גייט ער אַזוי, די פּיס מיט שמאַטעס אַרומגעבונדן, די הויזן מיט אַ שטריק פאַרצויגן, ביז ער קומט אָן אין אַ גרויסער שטאָט.

אָנגעקומען אין שטאָט אַריין, גייט שמערל איבער די רייכע גאַסן, דאָס היטל איבער די אויגן אָנגערוקט. קלאַפּט מיטן שטעקן איבערן ברוק, שלעפּט די פּיס, זוכט ערגעץ אַ פּלאַץ וואו צו קריגן עפּעס עסן און אָפּרוען. גייט ער אַזוי און שטעלט זיך ניט אָפּ און קוקט זיך ניט אום: ער ווייסט שוין אַז רייכע האָבן ניט ליב קיין אָרימעלייט און ער באַמערקט ניט ווי אַלע קוקן אויף אים מיט ליבשאַפט.

בּיסלאַכווייז האָט ער זיך דערשלעפּט ביז ערגעץ אַ הינטער-געסל

פון אַרימען קוואַרטאַל און אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר. אָנגעקלאַפּט און בעט:

גוטע מענטשן, האָט רחמנות,
העלפט אַ קבצן אין זיין נויט,
שענקט אַן אביון אַ נדבה,
גיט אים כאָטש אַ שטיקל ברויט.

און מאָדנע! שמערל איז געוואוינט געווען אַז מען זאָל אים אַרויסוואַרפן אַ שטיקל דאַר ברויט אָדער אַ קליינע מטבע, אָדער גאָר אַוועקטרייבן, אָבער דאָס מאָל איז אים דער באַלעבאָס אַרויסגעקומען אַקעגן און אים פאַרבעטן אין הויז אַריין.

שמערל נאַר פרייט זיך: טאַקע, בעסער נעכטיקן אין אַ הויז, ווי ערגעץ אויפן גאַס! און דערוייל באַמערקט ער ניט אַז אַלע קוקן אַרוים פון די פענצטער מיט קנאה'דיקע בליקן, און אַז אַסך מענטשן האָבן זיך אַרומגעקליבן אַרום הויז.

האָט מען שמערלען אַריינגענומען אינעווייניק, אים אַוועקגעזעצט אויבנאָן, דערלאַנגט אַ גוטן מאַלצייט און אַ גלאָז ווייַן צו פאַרטרינקען. ווייסט ניט שמערל פון קיין חכמות: מען גיט עסן, עסט ער, מען גיט וויין, טרינקט ער. גיט אים נאַר, וועט ער זיך לאָזן וואוילגיין!

אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען, האָט שמערל זיך דערפילט מיד און שלעפּערדיק. האָט ער אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפן טיש און איז איינגעשלאָפן.

איז געוואָרן שטיל אין הויז שאַ, — ער שלאָפט. און שמערל שלאָפט און כראָפּעט. חלומט פון געבראָטענע הינער מיט יאַיכלאַך און מאַנדלען, און וויין צום פאַרטרינקען. רינט באַ אים פון מויל די סלינע — אַ מחיה.

אויסגעשלאָפן זיך, אויפגעשטאַנען, רייבט זיך שמערל אוים די אויגן און זעט צוויי מענטשן מיט גאָלדענע קנעפּ אויף די מונדירן שטייען לעבן אים, אויסגעצויגן ווי סטרונעס און אַז זיי האָבן דערזען אַז ער איז שוין אויפגעשטאַנען, זיינען זיי צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— גרויסער, געטלאַכער מאַן! מיר זיינען געשיקט געוואָרן צו דיר פון זיין מאַיעסטעט דעם פּרינץ. זיי גנעדיק און זאָג אונדז ניט אָפּ. קום מיט אונדז גלייך אין פּאַלאַץ אַריין. אַ גרויס אומגליק איז געשען, דער שאַצקאַמער פון פּרינץ איז באַ'גנב'עט געוואָרן, און קיינער קאָן ניט געפינען די גנבים. מיר האָבן געבראַכט אַן ערנוואַך פון סאָלדאַטן דיך צו באַגלייטן צום פּאַלאַץ. קום מיט אונדז.

שמערל מיט זיין קעלבערנעם מוח האָט ניט פאַרשטאַנען אַז מע נעמט אים אָן פאַר פּאָרוש דעם זעער, אַ הייליקער מאַן, וואָס איז געווען באַרימט מיט זיינע ליכטיקע אויגן. מע האָט געזאָגט אַז פּאָרוש קען זען דורך דיקע ווענט און אייזערנע טירן. ער האָט ניט פאַרשטאַנען זייערע רייד. ער האָט בלויז געוואוסט אַז מע הייסט אים גיין. און אַז מע הייסט גיין, מוז מען פאָלגן.

גייט מען.

גייען די צוויי באַדינער פאָראויס, נאָך זיי שמערל. נאָך שמערלען — פיר מיניסטאָרן מיט גלאַנציקע צילינדערס. נאָך זיי — הונדערט-און-צוויי-און-פופציק סאָלדאַטן פוסגייער מיט אַנטבלויזטע שווערדן.

גייט שמערל, עס קלאַפּט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן, אָבער ער גייט. ער טראַכט מיט זיין קעצישן מוח'ל: וואָס מען וועט דאָרטן טאָן מיט אים, וועט מען טאָן, נאָר מען זאָל אים כאָטש פריער געבן עפּעס אָפּצועסן.

אָנגעקומען אין פּאַלאַץ, האָט מען פאַר זיי געעפנט די טויערן מיט גרויס פּאַראַד. וואונדערלאַך-שיינע דאַמען זיינען געשטאַנען אויף די טרעפּ, מיט בלומען אין די הענט צו באַגעגענען דעם הייליקן מאַן. דער פּרינץ אַליין איז אַרויסגעקומען און געפרעגט:

— פאַרלאַנגט איר עפּעס, הייליקער מאַן?

פאַרשטייט שמערל אַז מען פרעגט אים צי ער וויל עפּעס, צעזינגט ער זיך מיט זיין שטענדיקן ניגון:

גוטע מענטשן, האָט רחמנות,
העלפט אַ קבצן אין זיין נויט,

שענקט אַן אביון אַ נדבה,
גיט אים כאָטש אַ שטיקל ברויט!

האָט ער דער פּרינץ אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: אַ מאָלצייט פאַרן געטלאַכן מאַן! און מען האָט גענומען טראָגן שמערלען פון פויגלמילך.

אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען, איז שמערל איינגעשלאָפן. געשלאָפן איז ער געשמאַק, מיט אַ כראָפּען און אַ סאָפּען, און געחלומט האָט ער פון געבראָטענע טייבעלאַך, פון מאַנדלען־יאַיכלאַך, פון גוטע ווײַנען און זיסע פרוכטן. און אין פּאַלאַץ איז שאַ־שטיל: דער געטלאַכער מאַן, דער הייליקער פּאָרוש, דער זעער, שלאָפט.

באם פּרינץ אין פּאַלאַץ

איבערן גאַנצן פּאַלאַץ איז געווען שטיל. נאָר אין קיך האָבן דריי באַדינער אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג. זיי דרייען האָבן עס באַ־גנב'עט דעם שאַצקאַמער, און באַהאַלטן דאָס גאָלד, זילבער און בריליאַנטן אונטער אַ בוים אין גאָרטן. וואָס זאָלן זיי איצט טאָן? פּאָרוש דער זעער וועט זיכער דערזען מיט זיינע ליכטיקע אויגן וואו דער אוצר איז באַהאַלטן, און ווער עס האָט דאָס געטאָן, וועט מען בינדן, אַריינוואַרפן אין תפיסה און שפּעטער הענגען. מען דאַרף עפּעס טאָן.

רופט זיך אָן דער עלטסטער און דער קליגסטער פון די דריי גנבים:

— הערט, נאַראָנים, שרעקט זיך ניט. אויב מיר זיינען געווען אַזוי קלוג, און מיר האָבן געקאָנט באַגנבענען דעם שאַצקאַמער, קאָנען מיר איבערקליגן אויך פּאָרוש דעם זעער. מיין עצה איז, אַז איינער פון אונדז זאָל זיך באַהאַלטן אונטער זיין בעט און הערן אַלע זיינע שריט. וועלן מיר זעען אַז ער איז געפאַלן אויף אַ שפּור, וועלן מיר וויסן וואָס צו טאָן.

— גוט, האָבן די אַנדערע צוויי צוגעשטימט.

— און איצט, מאַכט דער עלטסטער צום אינגסטן, — גיי דו לייג זיך אַוועק אונטערן בעט און היט אים.

— פאַרוואָס איך? — האָט דער אינגסטער געטענהט. — איך

ש מ ע ר ל נ א ר

האָב דאָך די שלעסער ניט געבראָכן. איך בין דאָך נאָר געשטאַנען באַ דער טיר און געהיט, אַז עמיצער זאָל ניט אָנקומען. גיי דו, דו האָסט דאָס גאַנצע שטיקל אַרבעט אָפּגעטאָן.

— ווייסט איר וואָס, — מאַכט דער עלטסטער, — לאָמיר וואַרפן גורל.

— גוט.

האָט מען געוואָרפן גורל, איז געפאַלן, אַז דער אינגסטער זאָל זיך באַהאַלטן אונטערן בעט און נאָכקוקן פאַרוש דעם זעער.

ד ע ר נ ס

אַז שמערל איז אויפגעשטאַנען, זיך אויסגעגענעצט, אויסגעצויגן די ביינער, האָט מען אים דערלאַנגט אַ גוט גלאָז טיי. האָט ער עס אויסגעטרונקען, צוגעביסן מיט טייערע זעמעלאַך, און גענומען שפּאַצירן איבערן צימער.

שפּאַצירט ער אַזוי אַרום, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן — ניטאָ וואָס צו טאָן. זעט ער גאַנצע פּאַליצעס מיט ביכער. ווערט ער נייגעריק. ער ווייסט אַז קלוגע מענטשן קוקן שטענדיק אַריין אין ספרים, וועט ער אויך כאַפּן אַ קוק. נעמט שמערל אַראָפּ אַ בוך, טוט עס אַ בלעטער, פאַרשטייט ער ניט קיין וואָרט. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געלערנט לייענען, טוט ער אַ וואָרף דעם ספר אויפן דיל. לויפט גלייך צו אַ באַדינער און הויבט דאָס בוך אויף. נעמט שמערל אַרויס אַן אַנדער בוך, טוט וויטער אַ בלעטער, זעט גאָרניט, און ווידער אַ וואָרף דעם ספר אויפן דיל. לויפט צו דער באַדינער און הויבט ווידער אויף דעם בוך. איז שמערלען געפעלן געוואָרן די שפּיל האָט ער גענומען בלעטערן יעדן בוך וואָס האָט זיך געפונען אין צימער.

צום פרינץ האָט מען דערטראָגן אַז פאַרוש דער זעער זוכט עפּעס אין אַלע ביכער און קאָן ניט געפינען. האָט דער פרינץ באַפוילן אַז

מען זאָל ברענגען נייע ביכער פאַר פאַרוש דעם זעער: אפשר וועט ער דאָרט געפינען וואָס ער זוכט.

שמערל האָט אויפגענומען די נייע ביכער ווי די אַלטע. אַ בלעטער געטאָן, געכאַפּט אַ קוק — און אַ וואָרף אויפן דיל. און אַלע וואונדערן זיך און וואַרטן, וואָס וועט דאָ זיין? וואָס וועט דאָ זיין?

צווישן אַלע ביכער וואָס מען האָט דעם שוטה געבראַכט האָט זיך פאַרוואַלגערט אַ קינדעריש צאַצקע־ביכל: אַ דין ביכעלע מיט רויטע טאָוועלאַך און מיט אַסך בילדער. איז ד אָ ס שמערלען געפעלן געוואָרן. האָט ער דאָס ביכל אַ ביסל לענגער געהאַלטן איידער ער האָט עס געעפנט. האָבן אַלע געוואַרט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

שמערל האָט אָן עפן געטאָן דאָס ביכל, זיך אַריינגעזעצט אין אַ ווייכער שטול, און אָנגעהויבן פּאַמעלאַך באַקוקן די בילדער. קוקט ער און קוקט, זעט בילדער פון אַלערליי חיות, פרייט זיך שמערל ווי אַ קינד: אָט דאָס איז אַ ביכל! איצט זעט ער פאַרוואָס אַלע האָבן ליב ביכער.

האָט שמערל אַזוי געבלעטערט דאָס ביכל און זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ זייט וואו עס איז געווען אויסגעמאָלן אַ גרויסער שיינער הונט. דער הונט איז געווען אויסגעמאָלן ווי ער ליגט אויסגעצויגן האַלב־דרעמלענדיק, אָנגעשפאַרט מיטן קאָפּ אויף די לאַפּעס. קוקט שמערל אויפן הונט און קאָן זיך זאַט ניט אָנקוקן. אַזוי שיין, ווי אַ לעבעדיקער! קוקט ער פריער מיט ביידע אויגן, דערנאָך מאַכט ער צו איין אויג, כדי צו זען דעם הונט בעסער. דוכט זיך אים אַז דער הונט איז אַ לעבעדיקער, נאָר אָט אַזוי זיך איינגעשלאָפן.

וואַרט שמערל, לאָמיר זען ווי לאַנג קאָן דער הונט ליגן אַזוי רואיק! ער וואַרט און וואַרט, פינף מינוט, צען, פופצן, אַ גאַנצע שעה. דער הונט שטייט ניט אויף. ווערט שמערל אין כעס, כאַפּט זיך אויף פון שטול מיטן ביכל אין האַנט, קוקט שאַרף אויפן הונט, און שרייט אויס:

— שטיי אויף, דו פוילער הונט! אַרויס, און שטיי אויף! וואָס מיינסטו, דו וועסט דאָרט אייביק אַזוי ליגן?

דער באַדינער אונטערן בעט איז געבליבן אַ פּאַרציטערטער. מיין גאָט, דאָס הייסט געטלאַך! און ער איז אַרויסגעקראָכן פון אונטערן בעט, איז געפאַלן שמערלען צו די פיס מיט אַ געוויין און אַ געיאָמער:

— געטלאַכער מאַן, איך האָב ניט גע׳גנב׳עט, דאָס האָבן מיינע חברים געטאָן. זיי האָבן באַהאַלטן די גנבה אונטערן עפּלבוים אין גאָרטן.

האָט מען באַלד געכאַפּט די דריי גנבים, געבונדן אין קייטן און פאַרשפּאַרט אין תּפיסה. און שמערל נאַר האָט מען אָנגעלאָדן מיט מתּנות ווי נאָר אַ פּרינץ קאָן. האָט שמערל נאַר אָנגעשטאָפּט זיין טאָרבע מיט די מתּנות, אַוועק ווייטער אין דער גרויסער וועלט אַריין, אַ בעטלער ווי אַלע בעטלער, אָבער...



# שמערל נאַר כאַפּט אַ שווינדלער

## רעב זלמן און זיין שאָטן קלמן

רעב זלמן, דער גרויסער גביר, איז געווען אַ מענטש אַ פּאַרנעם. געווען הויך, געהאַט אַ גרויסע באָרד, קלוגע אויגן, אַ ברייטן שטערן און האָט ליב געהאַט גיין געקליידעט זויבער און שיין.

האָט ר' זלמן געהאַט אַ משרת קלמן, אַ פערד־אַנטרייבער. איז קלמן אויך געווען אַ שיינער יונג מיט אַ רויט בערדל און שוואַרץ־פלאַמענדיקע אויגן, האָט אויך ליב געהאַט גיין אָנגעטאָן ריין, און האָט שטענדיק געטראָגן זיין באַלעבאָס אַלטע קליידער.

אַ גוטער משרת איז קלמן געווען. אָפּגעהיט די פערד, געהאַלטן דעם פאַיעטאָן ריין און שיין אויסגעפּוצט. דאָס היי אין שטאַל איז שטענדיק געווען פריש, דער האָבער ניט פאַרלעגן. די עמער צום אָנ־טרינקען די פערד האָבן געגלאַנצט.

קלמן פלעגט אויך פאָלגן אַ גאַנג, ער איז געווען אַן ערלאַכער יונג, קיינמאָל ניט געטרונקען, פלעגט גיין אין צייט שלאָפן. מיט איין וואָרט: אַ גוטער משרת.

איין חסרון האָט געהאַט קלמן, ער פלעגט ליב האָבן נאָכמאַכן זיין באַלעבאָס זלמן. ער פלעגט טראָגן זיין באַלעבאָס קליידער, און גיין פונקט ווי ער, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן. איין אויג האַלב צוגעמאַכט, איין אַקסל אויפגעהויבן, און דעם קאָפּ אַביסל אָן אַ זייט.

פלעגן מענטשן לאַכן: זלמן און זיין שאָטן.

איינמאָל אין אַ הייסן זומער־טאָג פאָרט ר' זלמן מיט זיין אָנ־טרייבער קלמן ערגעץ אין אַ ווייטער שטאָט צוליב געשעפט. דער טאָג איז אַ שיינער אָבער זייער אַ הייסער. די פערד לויפן שנעל, אָבער ס'איז פאָרט הייס. זיצט זיך ר' זלמן ברייט פאַנאַנדערגעשפּיליעט,

פילט זיך גוט און צופרידן, און ברומט זיך אַ לידל.
ברומט אים נאָך קלמן וואָרט און וואָרט.
בייט ר׳ זלמן דעם ניגון און די ווערטער.
זינגט אים קלמן ווידער נאָך וואָרט און וואָרט.
טוט זלמן אַ קרעכץ: אַך ס׳איז הייס, אַ חמימה!
זאָגט אים נאָך קלמן: אַ, ס׳איז הייס, אַ חמימה!
ווערט שוין זלמן אין כעס און רופט זיך אָן:

— בהמה, פערד, יאָלאָפּ איינער, ווייסט נאַר ווי צו שטופּן די נאָז וואו מען דאַרף ניט, אַ מענטש אַ זוינער! אפשר ווייסטו ווי ווייט מיר זיינען פון דער סאַזשעלקע? דאַכט זיך אַז דאָ אין וואַלד געפינט זי זיך.

— ניט ווייט, באַלעבאָס.

— ווי ניט ווייט?

— נאָך אַ צען מינוט פאָרן.

— גוט, טו טרייב די פערד. דאָרטן וועלן מיר זיך אָפּשטעלן און זיך אָפּבאָדן, אַ היץ אַזאַ!

— גוט, באַלעבאָס.

זיינען זיי צוגעפאָרן צו דער גרינער סאַזשעלקע. אָפּגעשטעלט די פערד, איז ר׳ זלמן אַראָפּ פון וואָגן, אויסגעקליבן אַ פאַרבאָרגן פלאַץ צווישן די קוסטעס, זיך אויסגעטאָן און אַריין אין וואַסער. קלמן האָט געטאָן דאָס זעלבע.

## דער משרת ווערט באַלעבאָס

רעב זלמן האָט זיך געבאָדן אַ לאַנגע צייט. אַז ער האָט זיך גענוג אָנגעשוואומען, דאַן איז ער אַרויס פון טייכל צוריק צווישן די קוסטעס זיך אָנטאָן. ער קוקט אַהער, ער קוקט אַהין, — ניטאָ די זאַכן, זוכט ער בעסער, קוקט פאַרזיכטיקער, — ניטאָ. עפּעס ליגן יאָ אין פעלד קליידער, אָבער דאַכט זיך ניט זיינע. ער הויבט אָן צו רופן קלמן, קלמן, — ניטאָ קיין ענטפער. וואָס קאָן דאָס זיין? וואונדערט

ער זיך. האָט זיך ר׳ זלמן אַרומגעדרייט אַ שטיקל צייט, טראַכט ער ס׳איז קיין תכלית ניט: ווי גייט עס אַ מענטש אַזוי אַרום אָדם-נאַקעט. האָט ער אָנגעטאָן די קליידער וואָס ער האָט געפונען און איז אַרויס אויפן שליאַך. זעט ער די פערד זיינען אויסגעשפּאַנט, שטייען און קייען געשמאַק האָבער. און אין פּאַיעטאָן זיצט קלמן, אָנגעטאָן אין ר׳ זלמנ׳ס קליידער. זיצט און רויכערט אַ פּאַפּיראָס און בלאָזט דעם רויך. ווערט ר׳ זלמן אין כעס:

— העי דו, שמייסער, וואָס איז דאָס פאַר אַ חוצפּה? צוגענומען מיינע קליידער און מיך געלאָזן אַ נאַקעטן. אַראָפּ דו שייגעץ איינער. טו אויס מיינע קליידער, נעם דיר דיינע שמאַטעס, און שפּאַן איין די פערד.

קוקט אים דער שמייסער אָן מיט איין אויג און זאָגט זיך געלאַסן:

— דו ביסט, זעט אויס, אַראָפּ פון זינען, קלמן. ווי רעדט מען עס אַזוי צו אַ באַלעבאָס?!

— צו אַ באַלעבאָס?! — קאָכט זיך דער גביר, — וואָס, דו האָסט ניט דערקענט דיין באַלעבאָס זלמן?

— דו ביסט ר׳ זלמן?

— ווער דען? דו ביזט עס?

— אודאי בין איך זלמן. אױ־ווײ, אױ־ווײ, — מאַכט קלמן אַ מינע.

— מיין שמייסער איז אַראָפּ פון זינען.

— דו ביזט אַראָפּ פון זינען.

— הער זיך איין, קלמן, — זאָגט דער שמייסער רואיק, — דו טענה׳סט אַז דו ביזט זלמן, זאָל זיין אַזוי, אָבער דערווייל שפּאַן איין די פערד און לאָמיר פאָרן. ס׳איז שוין שפּעט.

— איך זאָל שפּאַנען די פערד!?

— ווער דען? און ווידער, ווילסט ניט, שפּאַן ניט. בלייב דאָ אַליין אין וואַלד. וועלף האָבן ליב מענטשן.

זעט שוין ר׳ זלמן אַז ער איז אַריינגעפאַלן. שפּאַנט ער איין די פערד, זעצט זיך אויף דער קעלניע, און הויבט אָן פאָרן. און קלמן זיצט זיך ברייט אין פּאַיעטאָן און זינגט.

— שווייג, — בייזערט זיך ר׳ קלמן, און טרייבט ווייטער די פערד,
ענטפערט קלמן שפּאָטיש: — בהמה, פערד, יאָלאָפּ איינער, ווייסט נאָר ווי צו שטופּן דיין נאָז וואו מען דאַרף ניט. אַ מענטש אַ זוינער.

שווייגט נעבאָך ר׳ זלמן און טרייבט די פערד.

זיינען זיי געפאָרן אַ נאַכט מיט אַ טאָג, ביז זיי זיינען געקומען אינדערפרי אין אַ גרויסער שטאָט. פאַרפאָרן אויף אַן אכסניא, איז קלמן, אָנגעטאָן ווי אַ סוחר, עלעגאַנט און שיין אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן, און געהייסן ר׳ זלמנען אויסשפּאַנען די פערד. אָבער ר׳ זלמן האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען שרייען:

— געוואַלד, אידן, ראַטעוועט, אָט־דער משרת האָט מיך באַרויבט.

זיינען מענטשן זיך צוזאַמענגעלאָפן, דערציילט זיי ר׳ זלמן זיין ביטער הארץ, און קלמן שטייט פון דער וויטנס און לאַכט:

— נאַרישקייטן, מיין משרת איז אַראָפּ פון זינען. אָט זעט, איך האָב מיט זיך אַלע מיינע פּאַפּירן און דעם בייטל מיט געלט. ווען איך וואָלט געווען דער משרת און אים באַרויבט, וואָלט איך דאָך אים געווען דער׳הרג׳עט און אַריינגעוואָרפן אין טייך אַריין. מיר זיינען געווען ווייט פון אַ שטאָט. קיינער וואָלט דערפון ניט געווען וויסן. איך זאָג אייך, אידן, ער איז מיין משרת און איז פשוט אַראָפּ פון זינען.

האָבן די מענטשן געזען אַז קלמן רעדט אידל, געלאַסן, האָט שיינע מאַניערן, האָבן זיי אים געגלויבט. זעען זיי אָבער אַז דער אָנטרייבער שטייט פאָרט און שרייט געוואַלד, זאָגן זיי אַז מען זאָל גיין צום רב, ער זאָל פּסק׳ענען ווער עס איז גערעכט.

## שמערל נאָר נאַרט אָפּ דעם שווינדלער

קומען זלמן און קלמן צום רב און לייגן פאָר זייערע טענות. הערט דער רב אויס, קוקט זיך צו צו זיי ביידן, און זעט ווי ביידע האָבן כמעט דעם זעלביקן אויסזען, די זעלבע מינעס, טראַכט ער אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט, אָבער ווי אַזוי קען מען אויסגעפינען

דעם אמת? זיצט ער און טראַכט און קאָן זיך ניט דערטראַכטן.

דערווייל האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אַן עולם מענטשן מען רעדט מען טענה'ט און מען קאָן קיין טאָלק ניט דערגיין.

אינדעם, קומט אָן אַן אָרימאַן, אָנגעטאָן אין אַלטע צעריסענע קליידער, גייט און שטעלט זיך אָפּ בּאַ די הייזער און זינגט אַ לידל:

גוטע מענטשן, האָט רחמנות,
העלפט אַ קבצן אין זיין נויט,
שענקט אַן אביון אַ נדבה,
גיט אים כאָטש אַ שטיקל ברויט.

האָט איינער פון עולם דערקענט דעם אָרימאַן: — ס'איז דער איינענער וואָס האָט אַנטדעקט די גנבים בּאַ אונדזער פּרינץ, — האָט ער געזאָגט. — ער איז אַ לאַמעדוואָווניק. לאָמיר דערציילן דעם רב.

רופט דער רב אַריין שמערל נאַר אין הויז, און דער עולם שפּאַרט זיך אויך אַריינצוגיין.

— זאָל מען אַריינברענגען דעם סוחר מיט זיין אַנטרייבער, — האָט דער רב באַפוילן.

האָט מען אַריינגעבראַכט ר' זלמנען און קלמנען, און ביידע האָבן ווידער פאָרגעלייגט זייערע טענות. הערן אַלע נאָך אַמאָל אויס די טענות, און שמערל נאַר הערט כלומר'שט אויך. אין דער אמת'ן ליגט אים אָבער אין קאָפּ די קיך. עס קומט פון דאָרט אַזאַ גוטער ריח פון פּוטער־געבעקס.

נאָכ'ן טענה'ן שיקט דער רב אַרויס ר' זלמנען און קלמנען, און ווענדט זיך צו שמערל נאַר:

—נו, רבי, ווער איז גערעכט?

— ווער איז גערעכט? — חזר'ט שמערל נאַר איבּער.

— איך מיין ווער איז פאַרט דער באַלעגאָלע און ווער איז דער סוחר?

— דער סוחר איז דער סוחר און דער באַלעגאָלע איז דער באַלעגאָלע, — ענטפערט שמערל נאַר.

— אָבער יעדער איינער טענה'ט דאָך אַז ער איז דער סוחר!

— עס קאָן ניט זיין ביידע זאָלן זיין סוחר, — ענטפערט שמערל נאַר.

— אָבער אַזוי טענה'ן זיי דאָך, און ווי קאָן מען אויסגעפינען דעם אמת?

פאַרשטייט ניט שמערל וואָס מען וויל פון אים. וואָס הייסט מען ווייסט ניט? זאָל מען אַריינרופן דעם באַלעגאָלע, דערנאָך דעם סוחר און זיי פרעגן. און ער גייט טאַקע באַלד צו צום פענצטער און צעשרייט זיך:

— באַלעגאָלע, משרת, קום אַהער!

קלמן, פון געוואוינהייט, האָט זיך גלייך א כאַפּ געטאָן און איז צוגעלאָפן. ער האָט זיך גלייך באַטראַכט וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט צו כאַפּן צוריק. דער עולם האָט דערזען און פאַרשטאַנען אַז דער פאַרשטעלטער סוחר איז דער אמת'ער באַלעגאָלע. האָט מען קלמנען געכאַפּט און אַריינגעזעצט אין תפיסה.

ר' זלמן האָט זיך שטאַרק געפרייט און געגעבן שמערלען א העלפט פון זיין געלט און דעם פאַיעטאָן מיט די פערד, א באַלוינונג פאַר זיין גרויסער חכמה.

שמערל נאַר לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן, נעמט דאָס געלט און שפּאַרט אַריין אין טאַרבע, פאַרקויפט דאָס פערד און דעם פאַיעטאָן, און לאָזט זיך אין דער ווייטער וועלט אַריין.

גייט שמערל נאַר, אַ בעטלער מיט אַ זאַק אויף דער פּלייצע, אַ שטעקן אין האַנט, אַ בעטלער ווי אַלע בעטלער, אָבער —

# טרוקענע קיכלאַך

### דער קוילן ברענער און זיינע צוויי טעכטער

טיף, טיף, אין וואַלד, אויף אַ באַרג, צווישן צוויי טאָלן האָט אַמאָל געלעבט אַ קוילן ברענער מיטן נאָמען בוני. אַן אָרימער איד געווען. געלעבט אין אַ קליין שטיבעלע אויפן שפּיץ באַרג און געצויגן זיין חיונה פון וואַלד. זיין פרוי איז מיט יאָרן צוריק געשטאָרבן, איז ער געבליבן מיט צוויי טעכטער. די עלטערע האָט געהייסן שרה און די אינגערע בלומקע.

שרה, די עלטערע, איז געווען שטיל ווי אַ טויב און אַרבעטזאַם ווי אַ מוראַשקע. בלומקע איז געווען אַ שטיפערקע, אַן אומרואיקע. צוויי שוועסטער פון איין טאַטע־מאַמע אַנדערש אין כאַראַקטער און פאַרשידן אין אויסזען. שרה, אַ טונקעלע מיט צוויי ברוינע אויגן און אַ לענגלאַכן פּנים. בלומקע, אַ בלאָנדע מיט בלאָע אויגן און אַ קיילאַכעדיק פּנים.

דער טאַטע פלעגט אַוועק אַ בליאַסק אויף טאָג אין וואַלד צו זיין אַרבעט, האַקן ביימער, צוזאַמענלייגן דאָס האָלץ אין אַ סקירדע, אַרויפלייגן גרינע צווייגן אויף דער סקירדע, אויף די צווייגן פלעגט ער אַרויפשיטן ערד, זאַמד, מאַכן אַ קליינע עפענונג פון אונטער דער סקירדע און אונטערצינדן דאָס האָלץ. נאָכדעם ווי דאָס האָלץ האָט זיך אַביסל פאַנאַנדערגעברענט האָט ער פאַרשטעלט די עפענונג און אַראָפּגענומען אַביסל ערד פון די צווייגן, האָט דאָס האָלץ ניט געברענט אַזוי שנעל, נאָר זיך געררויכערט. ס'איז ניט געווען גענוג לופט. פלעגט ברענען אַ סקירדע האָלץ אַ חודש, צוויי ביז ס'איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין האָלץ־קוילן. שפּעט אין אַ שטילער זומער נאַכט, אָדער אין אַ ווינטערדיקן קלאָרן אָוונט, פלעגט מען זען אַ רויך

זיך שלענגלען אין וואַלד, — איז אַמאָל אַ פאַרבלאָנדזשעטער דורכ־פאָרער פאַרפאָרן צום קוילן ברענער. עס פלעגט אָבער טרעפן זעלטן.

געוויינטלאך פלעגן זיי זיין אין גאַנצן אַליין. — דער טאַטע אין וואַלד, שרה אין הויז און בלומקע פלעגט אַרומלויפן אין וואַלד און אין פעלד. זי פלעגט אַרומלויפן אַ באָרוויסע, מיט אַ הוילן קאָפּ, ניט מורא געהאַט פאַר ווינט און רעגן. יאָגן זיך נאָך שמעטערלינגען, פויגעלאך. נאָכקרימען דעם גרילצן פון גראָז־שפרינגער, דעם מרוקן פון העזעלאך און טרילען פון פייגעלאך.

אַ וואַלד מיידל.

אין אָוונט פלעגט זי אַריינפאַלן אין שטוב מיט אַ געשריי:

— עסן, שרה!

— שאַ, יעצט איז זי דאָ, האָט שרה געענטפערט, און וואו ביסטו געוועזן אַ גאַנצן טאָג, שוועסטער?

— ערגעץ ניט, האָט בלומקע געענטפערט.

— טאַקע ערגעץ ניט, האָט שרה באַמערקט, דאָ אין שטוב אוודאי ניט. נו, אַז ערגעץ ניט, טו פאַרוואָס איז די הויט פון דיינע פיס צעריסן, און דו ביסט טויט מיד און הונגעריק? אויף דעם באַנק ביסטו זיכער ניט געזעסן.

— געשוואומען אין אָזערע — האָט בלומקע געענטפערט.

— גאָר ניט מורא געהאַט?

— פאַר וועמען? איך קאָן שווימען ווי אַ פיש.

— וואו נאָך ביסטו געווען?

— ערגעץ ניט, ערגעץ ניט, איך וויל עסן.

עס וויים נאָר שרייען עסן — — — עסן.

— אַזוי, האָט בלומקע געענטפערט אַ באַליידיקטע — איך קאָן קרייען ווי אַ האָן, האַווקען ווי אַ הונט און טרעלן ווי אַ פויגעלע. ווילסט הערן? און בלומקע צעלאָזט זיך ווי אַ קאַנאַריקל.

— נו, שאַ, שאַ, נאַ עס, פאַרשטאָפּ דאָס מויל.

אַזוי האָבן געלעבט די צוויי שוועסטער. אָפט געשריען איינע אויף די אַנדערע, זיך געבייזערט אָבער זיך באמת ליב געהאַט.

יאָרן זיינען פאַריבער. די מיידלאַך זיינען אונטערגעוואַקסן און געוואָרן שיין; שיין ווי דער וואַלד אין פרילינג און חנעוודיק ווי די בלאָע קאָרן־בלימלאַך. און אַזוי ווי די קאָרן־בלימלאַך זיינען באַהאַלטן צווישן די זאַנגען, אַזוי זיינען די מיידלאַך געווען באַהאַלטן אין וואַלד. קיינער האָט זיי ניט אָנגעקוקט. קיין לעבעדיקער מענטש ניטאָ אַרום. הימל און וואַלד, בוימער און מאָך, צווייגן און פעלד־בלומען.

## אַ צעבראָכענער אַקס

ט רעפט עפּעס אַמאָל אין אַ זומער טאָג:
אַ רייכער סוחר מיטן נאָמען שמואל איז געפאָרן מיט זיין זון שלום אויפן שליאַך. דער טאָג איז אַ הייסער, דער וועג זאַמדיק. די פערד גייען פּאַמעלאַך. דער סוחר זיצט אין וואָגן און דרימלט און דער זון זיצט אויף דער קעלנע און דרימלט. פאָרט דער וואָגן פּאַ־מעלאַך און שאָקלט זיך. וויגט איין די סוחרים אין שלאָף. קומט דער וואָגן צו צו אַ וואָרצל פון אַ בוים, טוט זיך דער וואָגן אַ טרייסל. כאַפּט זיך אויף דער זון פון שלאָף זעט ער ווי די פערד שלעפּן זיך. ווערט ער אין כעס און הויבט אָן קאַטעווען די פערד. צעווילדעווען זיך די פערד און צעטראָגן זיך. פּאַרטשעפּעט זיך אָן אַקס אָן אַ בוים און צעברעכט זיך אין צווייען. בלייבן זיי שטיין. זיי האָבן ניט קיין האַק צו מאַכן אַ נייעם אַקס און אַרום און אַרום איז נאָר בוים און מאָך, מאָך און בוים.

שטייט דער זון ווי אַן אָפּגעמאַלטער און דער טאַטע בייזערט זיך:
האָט אימיצער געזען אַזאַ ווילדן יונג? שמייסט, קאַטעוועט די פערד. וואָס זיינען נעבאַך די שטומע חיות שולדיק אַז ס׳איז הייס און דו האָסט איינגעדרימלט? וואָס, די שטומע חיות איז ניט הייס? און וואָס פאַר אַן איילעניש איז אויף דיר געוואָרן? אָט האָסטו אָן איילעניש. — געבליבן שטעקן אין מיטן. געבליבן שטעקן ווי אַ פלאָקן. קאָנסט זיך ניט רירן פון אָרט.

דער זון שווייגט, וואָס קאָן ער ענטפערן? דער טאַטע איז גע־

רעכט. און דער פאַטער האָט גערעדט און גערעדט און איז אַנשוויגן געוואָרן, וואָס איז דאָ צו ריידן? קיין האַק האָט ער ניט און אָן אַ האַק קאָן מען ניט מאַכן קיין האַקס. איז שלעכט.

שווייגן זיי ביידע.

## דאָס וואַלד מיידל

שווייגן זיי און דער וואַלד רוישט. רוישט און וואַרפט אָן אַ פּחד, אַ שרעק. ס'איז טאַקע אַ העלער זומער טאָג אָבער פון ביידע זייטן זיינען בוימער. פון פאָרנט בוימער, פון הינטן בוימער. אַ שטיק בלאָער הימל פון אויבן, אַפּאָר זון שטראַלן דורך די צווייגן און אַרום איז וואַלד און וואַלד. טראָגט זיך אַ באַהאַלטענע שרעקעדיגקייט פון וואַלד און זי שפּאַרט אָן צו די צוויי מענטשן אויפן שליאַך.

שטייען זיי ביידע דערשראָקענע, און מיט אַמאָל דערהערן זיי אַ געזאַנג פון וואַלד. אַ געזאַנג פון אַ מיידל:

זאָג נאָר דו איינער,
דערצייל עס נאָר מיר,
פיס האָט ער פיר
און ס'איז ניט קיין טיר (חיה).

דאָס קול שטעלט זיך אָפּ ווי עס וואַרט אויף אַן ענטפער. קיין ענטפער קומט ניט. הערט זיך ווייטער דאָס קול, שוין ניט זינגענדיק:

— שאַ, ווייסט ניט, קאָנסט ניט טרעפן די רעטעניש? איך וועל דיר געבן אַנדערע סימנים:

ער האָט אויך פעדערן
און ס'איז ניט קיין פויגל.

— כאַ, כאַ, כאַ, צעלאַכט זיך דאָס קול: ווייסט נאָך אַלץ ניט?

גלאָמפּ איינער !—ס׳איז אַ בעט. ס׳האָט פיר פיס און ס׳איז ניט קיין חיה. ס׳האָט פעדערן — אין די קישנס און פערענעס, און ס׳איז ניט קיין פויגל.

דערשרעקן זיי זיך נאָך מער. הערן זיי ווייטער :

— זאָג נאָר דו איינער,
דערציייל עס נאָר מיר.
העכער ווי אַ הויז,
נידעריקער ווי אַ מויז,
זיס ווי צוקער
ביטער ווי גאַל ?

— ווייסט ניט יאָלאָפּ איינער, גלאָמפּ, דאָס איז דאָך אַ בין. פליט העכער ווי אַ הויז, ס׳איז דאָך קלענער ווי אַ מויז. טוט אַ ביס איז עס ביטער ווי גאַל, און עס גיט האָניק וואָס איז זיס ווי צוקער.

און דער סוחר און דער זון זעען ווי פון וואַלד גייט אַרויס אַ מיידל, אויף איר לינקן אַקסל שטייט אַ וועווערקע און דאָס מיידל טענה׳ט זיך אוים מיט דער חיה׳לע. אַז דער זון דערזעט דאָס מיידל דער־שרעקט ער זיך און טוט אַ געשריי :

טאַטע !

טוט אַ שפּרונג די וועווערקע גלייך אויף אַ בוים און דאָס מיידל פאַרשווינדט צווישן די ביימער.

ווערט דער סוחר אין כעס און צעשרייט זיך :

— וואָס האָסטו זיך אַזוי צעליאַרמט מיין זונעלע ?

ענטפערט שלום אַפּ :

— אַי, טאַטע, ס׳איז אַ רוסאַלקע.

— וואָס פאַר אַ רוסאַלקע, זאָגט דער טאַטע, נאַרישקייטן ליגן דיר אין קאָפּ. — רוסאַלקעס, וואַלד מיידלאַך. איך פאַר שוין דרייסיק יאָר איבער וועלדער און האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען קיין רוסאַלקע. ס׳איז אַ אידישע טאָכטער. האָסטו איר ניט געהערט זינגען און ריידן אידיש ?

און דער פאָטער הויבט אָן רופן:

מיידל, מיידל, באַ אונדז האָט זיך אָן אָקס צעבראָכן. אפשר ווייסטו וואו מיר קאָנען קריגן אַ האַק צו מאַכן אַן אָקס?

קיינער ענטפערט ניט פון וואַלד.

בייזערט זיך ווייטער דער טאַטע:

אַ זון האָב איך אַ גולם. פריער ווערט ער אין כעס און שלאָגט די פערד, דערנאָך דערשרעקט ער זיך און שרייט. וואָס ווען מיר יעצט טאָן?

באַווייזן זיך אַפּאָר ליכטיקע בלאָע אויגן צווישן די קוסטעס, דערנאָך אַ בלאָנד גאָלדן קעפּל, נאָכדעם אַ געבלומט קליידל; — דאָס וואַלד מיידל.

זאָגט דער סוחר שטיל:

האָב קיין מורא ניט, וואַלד מיידל, מיר זיינען אידן. אַן אָקס האָט זיך באַ אונדז צעבראָכן, קיין האַק האָבן מיר ניט. אפשר קאָנסטו אונדז העלפן?

ענטפערט ניט דאָס מיידל, נאָר טוט אַמאַך מיטן האַנט:

קומט.

גייען זיי איר נאָך. קומען צום שטיבל. קומט זיי שרה אַנטקעגן און דערלאַנגט זיי אַ האַק. מאַכן זיי אַ נייעם אָקס און פאַריכטן דעם וואָגן. ווערט אָבער שפּעט. בלייבן זיי נעכטיקן.

אין אָוונט קומט דער פאָטער. דערזעט דעם סוחר מיטן זון. פרייט ער זיך — וועט זיין מיט אימיצן אַ וואָרט אויסריידן. מען קאָן אויך הערן עפּעס נייס פון דער וועלט.

עסט מען וועטשערע. די מיידלאַך דערלאַנגען דאָס עסן און נעמען צו פון טיש. אָפּגעגעסן, גייען די מענער אַרויס אין דרויסן זעצן זיך אויף דער הילצערנער באַנק, פאַררויכערן און פאַרברענגען. די מיידלאַך בלייבן אין שטוב. דער קוילן ברענער און דער סוחר פאַרברענגען. דער זון אָבער הערט ניט וואָס מען רעדט. וואַרפט

שטענדיק די אויגן צו דער שטוב. קאָן זיך ניט אָפּרייסן פון דער שיינער בלומקען. און פון שטוב ווייזן זיך אַפּאָר בלאָע אויגן און שמייכלען אין דער לבנה ליכט.

אינדערפרי, אַ שפּראָץ אויף טאָג שפּאַנען די סוחרים פערד און וואָגן און פאָרן אַוועק אהיים.

שלום בענקט נאָך בלומקען

פאָרן די סוחרים און דער טאַטע זעט אַז זיין זון איז טרויעריק. שווייגט, רעדט ניט קיין וואָרט—דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, די אויגן האַלב צוגעמאַכט — אַ מענטש איז פאַרבענקט. טרויעריק. מיינט דער פאָטער אַז דעם זון פאַרדריסט די מעשה מיטן אָקס. זאָגט דער טאַטע:

נו, זון מיינער, ניט כדאי זיך נעמען צום הארצן. מילא פאַרפאַלן, אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט.

ענטפערט ניט דער זון. שווייגט. פאַרבענקט. טרויעריק. קוועטשט דער טאַטע מיט די פּלייצעס און שווייגט אויך.

קומען זיי אהיים. זעט די מאַמע ווי איר זון איז עפּעס פאַרבענקט, הויבט זי אָן פרעגן, פאָרשן. אַ מאַמעס הארץ דערפילט. דערציילט איר דער זון:

כ'האָב געזען אין וואַלד אַ מיידל, איז זי שיין ווי זיבן זונען און קלוג ווי דער טאָג. איך קאָן זי ניט פאַרגעסן, מאַמע.

— וואָס מיינסטו אַ וואַלד מיידל, מיין זון, פרעגט די מאַמע, אַ רוסאַלקע?

— ניין ענטפערט דער זון, אַ אידישע טאָכטער איז זי — און דערציילט איר די גאַנצע מעשה.

רופט זיך אָן די מאַמע צום טאַטן:

— נו, וואָס שווייגסטו? גיי צוריק אין וואַלד, זע, אפשר קאָן דאָס מיידל אויך ניט פאַרגעסן אונדזער זון און ס'איז אַ באַשערטע זאַך פון גאָט.

פֿאָלגט דער סוחר זיין ווייב. שפּאַנט איין פערד און וואָגן און צוריק אין וואַלד.

געקומען אין וואַלד געזען דעם קוילן ברענער און דערציילט אים:

— מיין זון קאָן אייער טאָכטער בלומקען ניט פֿאַרגעסן.

ענטפֿערט בוני דער קוילן ברענער און זאָגט:

— יאָ, בלומקע איז אויך טרויעריק און פֿאַרבענקט, זי קאָן ניט פֿאַרגעסן אייער בחור.

— נו, איז דאָך גוט, זאָגט דער סוחר.

ענטפֿערט בוני:

— ס'איז גוט אָבער ס'איז ניט זייער גוט. איך האָב דאָך אַן עלטערע טאָכטער און עס פּירט זיך בא אידן אַז די אינגערע מאַכט מען ניט חתונה פֿאַר דער עלטערער.

— איר זייט גערעכט, זאָגט דער סוחר. טאָ זעט מאַכט חתונה די עלטערע טאָכטער. נאַט אייך צוויי טויזנט גילדן, פֿאַרט אין שטאָט געפֿינט אַ שידוך און זעט אַז באַלד זאָל זיין די חתונה. אין אַ חודש אַרום וועל איך צוריקקומען מיט מיין זון.

בלומקע באַקט קיכלאַך

פֿונקט צום חודש, צו דער מינוט קומט דער סוחר מיט זיין בן יחיד צום קוילן ברענער שטעלן חופּה.

בוני נעמט אויף די געסט מיט גרויס כבוד און זאָגט:

אַ גרויסן דאַנק אייך, מחותן, פֿאַר אייער געלט. איך האָב געטאָן אַ גוטן שידוך. באַ מיר זיינען נאָך געבליבן אַפּאָר רענדלאַך וועל איך פֿאָרן אין שטאָט איינקויפֿן אויף דער חתונה. איך וועל קויפֿן סחורה פֿאַר דער כלה'ס אויסשטייער — אַ ווייס חופּה קלייד, און אַ סאַמעטן קלייד פֿאַרן פֿאַרשפּיל. נו, איך וועל אויך ברענגען בראַנפֿן, זען אָנבאַקן לעקאַך — פֿילן פֿיש, שטאָפֿן העלדזלאַך — מאַכן אַ חתונה ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ גביר.

ענטפערט שלום דעם סוחרס זון און זאָגט:

איך וועל ניט וואַרטן קיין טאָג ביז איר וועט צוריקקומען פון שטאָט. איך דאַרף ניט קיין פאַרשפּיל און איך וויל ניט קיין לעקאַך און בראַנפן. איך וויל ניט קיין קליידער און וויל ניט קיין צירונג. איך וויל מען זאָל שטעלן אַ חופּה.

— אַז אייך איז ליב איז מיר ניחה, ענטפערט דער קוילן ברענער, אָבער מען דאַרף דאָך האָבן עדות, כאָטש איין עדות. און דאָ זיינען פאַראַן בוימער אַלערליי אָבער ניט קיין פרעמדע מענטשן. מען מוז דאָך האָבן אַ פּרעמדן פאַר אַן עדות.

— איך וועל אַרויס אויפן שליאַך אָפּוואַרטן אַ דורכגייער און ברענגען אים פאַר אַן עדות, האָט געענטפערט דער סוחר.

געזאָגט און געטאָן. ער איז אַוועק צום שליאַך.

זאָגט בוני דער קוילן ברענער צו זיין טאָכטער;

טאָכטערשי ליבע, דער מחותן איז אַוועק צום שליאַך זוכן אַדורכ-פאָרער, דערוויילמאַך עפּעס צו פאַרבייסן. אביסל שנאַפּס איז געבליבן, וועט זיין צו מאַכן אַ ברכה.

— איך קאָן ניט באַקן קיין שטאָטישן לעקאַך, ענטפערט בלומקע, אָבער קאָרענע טרוקענע פלעצלאַך קאָן איך מאַכן, טאַטעשי!

— גוט, זאָגט בוני, באַק וואָס דו קאָנסט.

שמערלען געפעלן די קיכלאַך

שטייט דער סוחר אויפן שליאַך און קוקט אויס די אויגן. זעט קיינעם ניט. ס'איז ווייט פון אַ יישוב. וואַרט ער אַ שעה, צוויי דריי ס'ווערט שפּעט. זעט ער מיטאַמאָל אַן אָרימאַן אָנקומען. עס גייט אַ איד מיט אַ פּאַק אויף די פּלייצעס.—אַ נאַרישוואַטער איד, אַ צעקודלטע באָרד, אַ גרויסער שטעקן אין האַנט, לאַנגע גרויסע שטיוול אויף די פיס און טאָפּטשעט איבערן שליאַך. טראַכט דער סוחר: ס'איז עפּעס ניט אַזאַ וואַזשנער פאַרשוין, נאָר מילא אַז עס

פעלט חלה אויף שבת מאַכט מען קידוש אויף שוואַרץ ברויט. אַז עס איז ניטאָ קיין געפילטע פיש צעהאַקט מען אַ הערינג מיט ציבעלע. זאָגט דער סוחר צום אָרימאַן:

—זייט אַזוי גוט, ליבער פרעמדער, קומט מיט מיר אָט דאָ ניט ווייט. מיר דאַרפן שטעלן אַ חופה און מיר האָבן ניט קיין עדות איך וועל אייך באַפרידיקן. מירן אויך האָבן אַביסל משקה און עפּעס צו פאַרבייסן.

הערט שמערל נאָר „עפּעס צו פאַרבייסן" גייט ער.

געקומען אין שטיבל. מאַכט מען ניט קיין צערעמאָניעס און מע שטעלט באַלד אַ חופה. נאָך דער חופה דערלאַנגט מען אַביסל משקה און טרוקענע קאָרענע קיכלאַך, וואָס בלומקע האָט געבאַקן. נעמט דער חתן אַ קיכל אין מויל — עס האָט ניט קיין טעם און קיין ריח. נעמט דער מחותן אַ שטיקל קיכל אין מויל — קייט עס און קייט, נאָר וואָלט ער זיך ניט געשעמט וואָלט ער עס אויסגעשפּיגן. עס האָט געהאַט דעם טעם פון טרוקענע גראָז. בונה אָבער עסט די קיכלאַך, צו בע־סערס ניט געוואוינט געוועז, און שמערל נאָר קייט אויף ביידע באַקן. זעט דער פאָטער און אויך דער חתן אַז דער אָרימאַן האָט שטאַרק הנאה פון די טרוקענע קיכלאַך שטופּן זיי אים אונטער נאָך. שמערל נאָר לאָזט זיך ניט בעטן נעמט וויפיל מען גיט אים. האָט ער אויפ־געגעסן וויפיל נאָר ער האָט געקאָנט, און די איבעריקע קיכלאַך האָט ער אַריינגעלייגט אין טאָרבע. נישקאָשע ס'וועט צונוץ קומען.

## בלומקע אין דער גרויסער שטאָט

שלום האָט מיטגענומען זיין יונג ווייבל אין דער גרויסער שטאָט, אין זיין גרוים הויז אַריין. בלומקע איז אַלעמען געפעלן גע־וואָרן. שיין איז זי ווי זיבן זונען, אַ צינגל האָט עס אַ גלאַטס און אַ קולכל ווי אַ קאַנאַריק.

בלומקע האָט געקוקט אויף דעם שיינעם מעבל, אויף די טייערע טעפּעכער, און איר האַרץ איז געוועז פול מיט פרייד. אַזאַ רייכטום,

אזא ראַסקאַש. זי האָט זיך זאַט ניט געקאָנט אָנקוקן מיט דעם הויז, מיט דעם מעבל, מיט די מענטשן און מיט דער גרויסער שטאָט. זי האָט זיך אָבער באַלד צוגעוואוינט צום רייכן לעבן. ס'האָט געטראָפן אויף דער דריטער וואָך.

בלומקע איז אויפגעשטאַנען פרי. די צימערן זיינען געווען באַגאָסן מיט ליכט, די דילן צוגעדעקט מיט דיקע ווייכע טעפּעכער, און די ווענט באַהאָנגען מיט שיינע בילדער. בלומקע האָט זיך אויסגע־צויגן אין דעם ווייכן בעט, וואָס איז געווען באַדעקט מיט זיידענע ציכלאַך. אַי, ס'איז גוט, האָט זי מיט אַ שמייכל געזאָגט צו זיך אַליין. באַלד האָט זי זיך אויפגעזעצט, אַראָפּגעלאָזן די פיס פון בעט און געזוכט די שטעק־שיך, און זיך פאַרקרימט, — ניטאָ קיין שטעק שיך. אַזאַ סקאַנדאַל. זי האָט אָנגעהויבן שרייען, ליאַרעמען:

וואו זיינען מיינע שטעק־שיך? מיינע שטעק־שיך וואוהין זיינען אַהינגעקומען?

די דינסטן זיינען אַריינגעלאָפן אין שלאָף צימער און געפרעגט מיט שרעק:

וואָס האָט געטראָפן מיין האַרנטע, וואָס איז געשען?

— שטיקער פלייש, האָט זיך בלומקע צעשריען, גלאָמפּן, וואו זיינען מיינע שטעק־שיך? ווי קאָן מען אַראָפּ פון בעט מיט באָרוועסע פיס?

די דינסטן האָבן זיך געאיילט און איר געבראַכט אַפּאָר שטעק־שיך בלומקע האָט אַקוק געטאָן אויף די שטעק־שיך און האָט זיך נאָך מער אָנגעצונדן:

וועלכע שטעק שיך ברענגט איר מיר? וועלכע שטעק שיך. איך האָב געוואָלט די זיידענע וואָס זיינען באַפּוצט מיט פוטער. מיינע פיס קאָנען ניט פאַרטראָגן דעם האַרטן לעדער.

— מיר האָבן געמיינט אַז די האַרנטע האָט ליב די רויטע לעדערנע שטעק שיך, האָבן די דינסטן געענטפערט.

— אַזוי, איר רעדט אַנטקעגן האָט זיך בלומקע נאָך מער צעקאָכט.

איך וועל אייך ווייזן. און זי האָט גענומען וואָרפן אויף די דינסטן וואָס עס איז איר נאָר געקומען אונטערן האַנט. די מיידלאַך זיינען זיך צעלאָפן און בלומקע האָט זיך צעווײנט פון פאַרדרוס.

איר מאַן האָט איר געבראַכט די זיידענע שטעק שיך און איר געטרייסט. ער האָט צו איר גערעדט ווייכע רייד, אָפּגעווישט אירע טרערן פון די שיינע באַקן מיט אַ זיידענער טיכעלע. בלומקע האָט געכליפּעט ווי איינע וואָס איז אין גרויס צער. דעם מאַן האָט עס פאַרדראָסן — אָט נעכטן איז זי אַרומגעלאָפן אַ באָרוועסע אין איין ציצענער קליידל איבער וואַלד און פעלד און מיט אַמאָל שוין געוואָרן אַזאַ פּריצטע. אָבער איר האָט ער גאָר ניט געזאָגט. קוים מיט צרות האָט ער זי איינגעשטילט.

בלומקע איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ ערגער. זי האָט באַהאַנדלט די דינסטן שלעכט. האָט באַליידיקט איר שוויגער און קיינמאָל ניט אַרויפגעלאָזן אַן אָרימאַן אויף די אויגן. דער מאַן האָט געקוקט און געשוויגן, ער האָט געפּרואווט אַלץ פאַרגלעטן, אָבער וואָס ווייטער איז בלומקע געוואָרן אַלץ ערגער. שלום האָט געפּרובט איר לערנען מיט גוטן און בייזן, עס האָט אָבער ניט געהאָלפן.

בלומקע באַליידיקט אַן אָרימאַן

איינמאָל איז אַ פרייטיק צונאַכטס בדרעגנט איר מאַן שלום אַן אורח אויף שבת. דעם אורח האָט מען געזעצט מיט אַלעמען גלייך אַרום טיש. בלומקע האָט פאַרקרימט איר שיין נעזל. זי וויל מיט אים ניט זיצן בײַ איין טיש. דער מאַן האָט איר געבעטן ניט פאַרשטערן דעם שבת און פאַרשעמען אַ מענטשן. קוים מיט צרות האָט ער בײַ איר געפּועלט זי זאָל בלייבן זיצן בײַם טיש.

אָבער בלומקע איז לאַנג ניט געזעסן בײַם טיש. נאָך די פיש האָט דער אורח אָפּגעווישט דאָס מויל מיטן לינקן זייט פון זיין האַנט. בלומקע איז אויפגעשפּרונגען און אויסגעשריען:

איך וויל ניט זיצן מיט אים בײַ איין טיש. אָדער די שמוציקע בריאה

זאָל גיין אין קיך, אָדער איך גיי אַוועק פון טיש. און ניט ווארטנדיק אויף אַן ענטפער איז זי אַרויסגעלאָפן פון עם צימער. זי איז אַריינגעלאָפן אין שלאָפצימער און זיך פאַרשפאַרט און גענומען ברעכן וואָס עס איז איר געקומען אונטערן האַנט.

מע האָט זי ניט געקאָנט באַרואיקן. זי האָט געשריען, געליאַרעמט, געשאָלטן און צעבראָכן אַלץ וואָס איז געווען אין שטוב.

אַז איר מאַן האָט געזען ווי זי פירט זיך אויף, האָט ער געטראַכט:

ניין, בלומקע פּאַסט ניט פאַר אַלעבן אין רייכטום. רייכקייט האָט איר אַראָפּגעפירט פון גלייכן וועג. ס'איז דאָ נאָר איין מיטל, סטראַשען איר מיט אַ גט. אפשר וועט זי זיך דערשרעקן. זי וועט זיך דערמאָנען אָן איר אָרימער שטיבעלע אין וואַלד און וועט חרטה האָבן אויף איר שלעכט אויפפירן זיך.

— געזאָגט און געטאָן.

מען איז געקומען צום רב זיך גט'ן. דער יונגערמאַן האָט אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ.

דער רב האָט אים אויסגעהערט און געזאָגט:

דיינע טענות זיינען גערעכטע, אָבער לאָמיר אויך הערן אירע טענות.

און בלומקע, אַ באַליידיקטע, אַ צעקאָכטע האָט זיך צעשריען:

ער וויל אַ גט זאָל זיין אַ גט. איך וויל אים מער ניט אָנקוקן.

און דער רב קוקט אויף ביידע יונגע מענטשן, זעט ווי זיי קוקן זיך אָן. ביידע אָנגעכמורעטע און בייזע, אָבער די בליקן פול מיט אַזויפיל ליבשאַפט, האָט ער געזאָגט:

אפשר וועט איר פאַרט שלום מאַכן, קינדערלאַך?

אָבער בלומקע האָט זיך איינגעעקשנ'ט; ניין, אַ גט, און דער יונגערמאַן האָט זיך געברוגעזט: אַ גט איז אַ גט.

נו, קאָן מען זיך ניט העלפן.

הייסט דער רב דעם סופר שרייבן אַ גט.

שרייבט דער סופר דעם גט פֿאַמעלאַך, ווי איינער וואָס האָט געליימטע פֿינגער — וויל פֿאַרציען, זאָל נעמען מער צייט, אפֿשר וועט עפּעס פּאַסירן.

שרייבט דער סופר דעם גט. אין הויז איז שטיל עס הערט זיך נאָר דער סקריפּ פֿון דער גענדזענער פֿעדער. פֿון די אָפֿענע פֿענצטער הערט זיך אַ בעטלער געזאַנג:

גוטע מענטשן, האָט רחמנות,
העלפֿט אַ קבצן אין זיין נויט,
שענקט אַן אביון אַ נדבה,
גיט אים כאָטש אַ שטיקל ברויט.

זאָגט דער רב:

רופֿט אַריין דעם בעטלער: עס פֿעלט אונדז אַן עדות. גייט דער שמש און רופֿט אַריין דעם בעטלער. קומט שמערל נאַר אַריין אין רב'ס הויז. טוט דאָס געקריגטע פּאָרל אַקוק אויפֿן בעטלער און דערקאָנען אים: דער זעלביקער בעטלער, וואָס איז געווען בא דער חופּה. פֿאַרשעמען זיי זיך ביידע. אָבער זייער עקשנות איז שטאַרק און זיי שווייגן ביידע.

## שמערל נאַר בעט קיכלאך

קוקט שמערל נאַר אַן דאָס פּאָרל און דערקענט זיי אויך. דערמאָנט ער זיך אַן די האַרטע קיכלאַך. אַיי, קיכלאַך זיינען דאָס געווען. דער טעם ליגט אים נאָך יעצט אין מויל. מיינט שמערל נאַר אַז מען וועט יעצט וויטער געבן אַזעלכע קיכלאַך. זאָגט ער צום רב:

— קיכלאַך וועט זיין?

פֿאַרשטייט ניט דער רב וואָס דער אָרימאַן רעדט. אַ מאָדנער בעטלער. מיינט אָבער דער רב אַז ער האָט ניט דערהערט עפּעס. פֿרעגט ער איבער:

— קיכלאַך?

— יאָ, ענטפערט שמערל נאַר. יאָ, רבי, קיכלאַך. איי קאָן זי באַקן קיכלאַך, טרוקענע, קרוכלע. זיי צעגייען זיך אין מויל.

פאַרשטייט ניט דער רב וואָס שמערל נאַר רעדט, ער האָט אָבער געזען אַז די קאַלירן האָבן זיך געביטן באַ דעם יונגן פּאָרל, און ביידע שמייכלען שעמעוודיק. דער רב האָט ניט געוואוסט אַז ביידע האָבן זיך עפּעס דערמאָנט. דער יונגערמאַן האָט זיך דערמאָנט אַז ער האָט ניט געוואָלט וואַרטן מיט דער חתונה ביז מען וועט צוגרייטן אַ ריכ־טיקן מאַלצייט, אַזוי שטאַרק האָט ער ליב געהאַט בלומקען. און דאָס יונגע ווייבל האָט זיך דערמאָנט, ווי אָרים זי איז געווען צו דער חתונה, האָט ניט פאַרמאָגט קיין רעכטע קליידער, קיין שיך. ניט געקאָנט אַפילו צוגרייטן עפּעס רעכטס פאַר דער חתונה. האָבן זיי ביידע אַראָפּגעלאָזט די אויגן צום דיל און זייערע הערצער זיינען פול געוואָרן מיט חרטה.

זעט עס דער רב און זאָגט:

— נו, קינדערלאַך ווילט איר זיך נאָך אַלץ גט׳ן?

שווייגן זיי ביידע.

נעמט עס דער רב אָן פאַר אַ גוטן סימן און זאָגט צום סופר:

— צערייסט דעם גט.

האָט דער סופר געפאָלגט.

איצט, זאָגט דער רב צום יונגערמאַן, שטעל משקה און קריג ערגעץ גוטע קיכלאַך.

האָט מען געשטעלט בראָנפן און לעקאַך און טרוקענע קיכלאַך.

שמערל נאַר האָט געפּאַקט אויף ביידע באַקן און זיך געפרייט.

דער יונגערמאַן האָט זיך אויך געפרייט געקייט די קיכלאַך און געזאָגט:

אמת פרעמדער, אמת, די קיכלאַך זיינען געשמאַק און גוט.

נאָך דער שמחה האָט דער יונגערמאַן געוואָלט באַלוינען שמערלען. וויל שמערל נאַר ניט נעמען קיין געלט. בורטשעט:

איך האָב געגוג.

שמייכלען אַלע:

אַ נייער גביר.

זאָגט דער רב צום יונגנמאַן:

— נעם דאָס געלט און גיב עס אַוועק אָרימעלייט.

פאָלגט ער.

און שמערל נאַר האָט זיך שטילערהייט אַרויסגערוקט און ניט געוואָרן —

אַוועק אין דער ווייטער וועלט אַריין. מען וואַרט אויף אים, כאָטש קיינער קאָן אים ניט און קיינער ווייס אים ניט.



# דער פאַרזיכערטער

## אַ מענטש געבענטשט מיט אַלץ

אין אַ ווייטן לאַנד, אין אַ גרויסער שטאָט האָט געוואוינט זייער אַ רייכער מאַן, זיין נאָמען איז געווען איגדאַל. ער האָט פאַרמאָגט וועלדער, פעלדער, דערפער און שטעט. אין אַ סך שטעט האָט ער געהאַט פאַבריקן, אין פיל דערפער האָט ער געהאַט גרויסע מאַגאַזינען אָנגעפילט מיט תבואה. אויף אַלע זיבן ימים האָט ער געהאַט שיפן, אָנגעלאָדן מיט עלפאַנטביין און געווירצן פון אינדיע, פּרוכטן פון ווייטן מזרח, זיידנס פון כינע און יאַפּאַן, פּערל פון די ווייטסטע אינדזלען און ניט באַאַרבעטע דימענטן פון אַפריקע.

און דער גביר איגדאַל אַליין האָט געוואוינט אין אַ גרויסן פּאַלאַץ מיט הונדערטער באַדינער. דער פּאַלאַץ איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פּראַכטפולן גאָרטן. אין גאָרטן זיינען געווען שיינע טייכלאַך. אין די טייכלאַך זיינען אַרומגעשוואומען גאָלדענע פיש. אויף די ביימער האָבן געהאַט נעסטן אַלערליי זינג-פייגלען. צווישן די ביימער זיינען געווען פאַרפלאַנצט פאַרביקע בלומען.

איגדאַל האָט געהאַט אַלץ וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט. ער איז געווען שיין און געזונט. אַ פּנים קלאָר ווייס, אויגן בלאָע, האָר שוואַרץ ווי פּעך. ווען ער פלעגט זיך אָנטאָן אין סאַמעטענע קליידער מיט גאָלד באַפּוצט, האָט ער אויסגעקוקט שיין ווי אַ זומער פרימאָרגן. קיינער האָט זיך ניט געקאָנט גענוג אָנקוקן אויף אים, און מאַמעס פלעגן זיך ווינטשן: אונדזערע קינדער זאָלן זיין ענלאַך צו אים. איגדאַל איז געווען אַ מענטש געבענטשט מיט אַלץ.

## א שלעכט הארץ.

אבער אזוי ווי א שיינער עפּל אין וועלכן א וואָרעם פאַרקלייבט זיך, קוקט אוים שיין פון דרויסן, אָבער אינעווייניק איז אַלץ צעפוילט, אַזוי איז געווען דער גביר איגדאַל. ער האָט געהאַט אַ שלעכט האַרץ. זיינע באַדינער האָט ער באַהאַנדלט ווי הינט, זיינע אַרבעטער ווי שקלאַפן, און קיינמאָל קיינעם ניט אַרויסגעהאָלפן מיט אַ גראָשן.

און אין שטאָט האָבן אַלע געוואוסט זיין שלעכט האַרץ, און מען איז צו אים קיינמאָל ניט געקומען בעטן אויף צדקה, אָדער אַ טובה פאַר עמיצן. פלעגט אַמאָל צו אים פאַרבלאָנדזשען אַ פרעמדער אָרימאַן, האָט איגדאַל אים גאַנץ רואיק אויסגעהערט און דערנאָך געענטפערט:

„האַ, געלט ווילסטו? אַזוי? גוט, גיי עפן די קאַסע און נעם."

דער אָרימאַן פלעגט נעמען שטאַמלען: „וואָס הייסט עפעם עפענען די קאַסע?"

פלעגט אים איגדאַל צופירן צו דער גרויסער פייער קאַסע, וואָס איז געווען שטענדיק פאַרשלאָסן, אַ קלאַפּ טאָן מיטן פויסט איבער די דיקע שטאָלענע טירן און שפּאָטן:

„עפן די טיר און נעם. פון דיינעט וועגן, שלעפער, האַלט איך דאָרטן מיין האָב און גוטס. פון דיינעט וועגן, שנאָרער, ליגט דאָרטן מיין גאָלד אָנגעגרייט. עפן, זאָג איך דיר, און נעם."

דער אָרימאַן פלעגט אַנטלויפן ווי אַן אָפּגעבריטער. און אין שטאָט איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל אויף איינעם וואָס איז קאַרג: „גיי עפן די קאַסע און נעם."

## א שווערער ווינטער.

האָט געטראָפן אַמאָל אַז דער ווינטער איז געווען זייער אַ שווע-רער. פרעסט שטאַרקע, אַזעלכע וואָס אפילו די עלטסטע זקנים האָבן ניט געדענקט. זיינען אַ סך אָרימע מענטשן קראַנק גע-וואָרן, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט מיט וואָס צו באַהייצן די הייזער.

שנייען זיינען געווען טיפֿע. די וועגן זיינען געווען שלעכט. האָט מען געבראַכט ווייניק שפּייז אין שטאָט אַריין און אַלץ איז געוואָרן טייער. די אָרימע מענטשן האָבן ניט געהאַט גענוג געלט אויף צו קויפֿן שפּייז, האָבן זיי געהונגערט.

זיינען אַרומגעגאַנגען מחנות אָרימעלייט, אָפּגעריסענע, דער־פרוירענע, געזוכט ברויט און האָלץ. די שטאָט איז געוואָרן פֿול מיט עלנט.

זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די שענסטע באַלעבאַטים פֿון שטאָט מיטן רב אין דער שפּיץ צו זען טאָן עפּעס פֿאַר די אומגליקלאַכע. האָט יעדער געגעבן וויפֿיל ער האָט געקאָנט. אַ סך האָבן געגעבן מער וויפֿיל זיי האָבן געקאָנט. אָבער עס איז געווען ווייניק.

זאָגט איינער — לאָמיר גיין צו איגדאַל'ן. אפשר אין אַזאַ צייט וועט ער אַרויסהעלפֿן.

זיי ניט קיין נאַר — האָט מען אים געענטפֿערט — אָט־די קאָסע קאָן מען ניט עפֿענען.

רופֿט זיך אָן דער רב און זאָגט:

אין אַזאַ שלעכטער צייט דאַרפֿן מיר פֿאַרבויגן אונדזער כבוד און פּרובירן. ער וועט דאָך אונדז ניט אויפֿעסן.

זיינען עטלאַכע באַלעבאַטים צוזאַמען מיט דעם רב געקומען צו איגדאַלן. זיי האָבן אים געטראָפֿן זיצן אויף אַ ווייכן פּלושענעם שטול. אויף אַ טישל לעבן אים זיינען אָנגעשטעלט אַלערליי ווייַנען, פּרוכטן און געבעקס. אין הויז איז וואַרעם און ליכטיק. די דילן פּאָלירט. די ווענט באַצירט מיט טייערע בילדער. איגדאל זיצט רואיק, עסט מאַראַנצן און טאָרט און קוקט אויס ווי די גאַנצע וועלט איז זיינע.

האָט אָנגעהויבן דער רב און געזאָגט:

— איגדאל, מענטשן גייען אַרום אין אַזעלכע קעלטן נאַקעט, הונגעריקע. דו האָסט אַלץ וואָס אַ מויל קאָן ריידן און אַ מוח צו טראַכטן. זע, העלף אַרוים דיינע אָרימע מיטמענטשן.

צעקנאַקט איגדאל רואיק אַ נוס, נעמט אַרוים די יאָדרע, צעקייט

פאַרזיכטיק, פּאַמעלאַך, פאַרטרינקט מיט אַ ביסל ווײַן, און זאָגט רואיק זײַן אַלט ווערטל:

— נו, עפנט די קאַסע און נעמט אַלץ.

— דו שפּאַסט ניט, — ברוגזעט זיך דער רב. — מענטשן הונגערן. דו ביסט אויך אַ מענטש, קאָנסט נאָך אויך פאַרזוכן וואָס עס מיינט נויט. דו מיינסט אַז דו ביסט פאַרזיכערט פון אַלדאָס בייז?

— אַוואַדע בין איך פאַרזיכערט, — ענטפערט איגדאל. — וואָס קאָן זיך דען מיט מיר טרעפן? מיינע מילן מאָלן, מיינע שיפן פירן סחורה פון איין עק וועלט צו דער אַנדערער, מיינע וועלדער וואַקסן, מיינע אַרבעטער אַרבעטן פון מיינעט וועגן... וואָס האָב איך מורא? וועלן מיינע שפּייכלערס אָפּברענען, האָב איך נאָך גענוג פאַבריקן. וועלן מיינע פאַבריקן פאַרניכטעט ווערן, האָב איך גענוג שיפן אויף די ימים. וועלן מיינע שיפן אונטערגיין, האָב איך גענוג געלט אין קאַסע.

— און וואָס וועסטו טאָן, איגדאל, אַז אָט־די אַלע הונגעריקע און אָפּגעריסענע וועלן דײַן פּאַלאַץ באַפאַלן און אַלץ אַוועקנעמען?

— איך האָב גענוג סאָלדאַטן, וואָס וועלן אָט־די בעטלער ווי די הינט צעשיסן. און טאָמער גאָר שלעכט, האָב איך גרייט צוויי פייער־דיקע פערד, און איך אַנטלויף אין אויסלאַנד. דאָרטן האָב איך אויך גענוג געלט באַהאַלטן.

— נו, טו ווי דו פאַרשטייסט, איגדאל, — האָט דער רב געענטפערט. ווי עס ווייזט אויס ביסטו געבוירן מיט אַ שלעכט האַרץ און פאַרשטייסט נעבאָך ניט די פרייד פון געבן, פון אַרויסהעלפן. געדענק אָבער וואָס איך זאָג דיר: קיינער איז ניט פאַרזיכערט פון צרות. עס קאָן אַפילו טרעפן, אַז דו זאָלסט אויסגיין פון הונגער אין דײַן אייגענעם פּרעכטיקן פּאַלאַץ. געדענק מיינע ווערטער.

האָט זיך איגדאל צעלאַכט און גאָרניט געענטפערט. דער רב און די באַלעבאַטים זיינען אַרויס פאַרשעמט.

## שמערל גאר

### דעם רב׳ס ווערטער ווערן מקוים.

דער שלעכטער ווינטער איז אַוועק. אַ סך מענטשן זיינען גע־שטאָרבן פון הונגער און קעלט. פיל זיינען געשטאָרבן פון קוילן פון דעם גבירם סאָלדאַטן, ווייל די מענטשן האָבן געהונ־גערט און געפרוירן יענעם ווינטער. און האָבן זיך עטלאַכע מאָל אַריינגעריסן אין די בעקערייען און קלייטן צו קריגן אַ שטיקל ברויט און וואַרעמע קליידער. דעם גבירם סאָלדאַטן האָבן צעשאָסן אַ סך מענטשן און צעטריבן די איבעריקע.

דער פרילינג איז געקומען. ס׳איז געוואָרן וואַרעמער. זומער צייט איז געוואָרן מער שפּייז, האָבן די מענטשן זיך באַרואיקט.

אַלע האָבן געוויכט פון איגדאַלס פּאַלאַץ, און איגדאַל איז געווען צופרידן. ער האָט זיך געלאָזט וואוילגיין, געלאַכט פון גאָר דער וועלט און האָט אינגאַנצן פאַרגעסן דעם געשפּרעך וואָס ער האָט ווינטער געהאַט מיט דעם רב.

ס׳איז געווען אַ שיינער וואַרימער זומער טאָג. איגדאַל האָט אָפּגעגעסן אַ גוטן פרישטיק, זיך דורכגעשפּאַצירט אין זיין שיינעם גאָרטן. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבן זיין שרייב־טיש איבערקוקן פּאַפּירן און אונטערשרייבן דאָקומענטן. אָפּגעטאָן זיין אַר־בעט, האָט זיך איגדאל דערמאָנט, אַז ער האָט שוין לאַנג ניט איבער־געקוקט אַלע שופלאַדן אין זיין קאַסע. איז ער אַוועק אין צימער וואו די קאַסע געפינט זיך און האָט געעפנט די מאַסיווע אייזערנע טירן.

איגדאלס קאַסע איז געווען זייער אַ גרויסע, האָט פאַרנומען כמעט דעם גאַנצן צימער. דער צימער איז געווען באַפּאַנצערט מיטן בעסטן שטאָל, און דאָרטן האָט עס איגדאַל געהאַלטן זיין גרייט געלט.

איגדאַל האָט אַלץ איבערגערעכנט און פאַרשריבן, כדי צו זעען צי עס שטימט מיט זיינע ביכער, און האָט שוין געוואָלט אַרויס פון דער קאַסע — ערשט די מאַסיווע אייזערנע טיר איז פאַרשלאָסן. איז ער געבליבן שטיין. וואָס טוט מען איצט? ער האָט געוואוסט אַז די טיר קאָן מען פון אינעווייניק ניט עפענען. דאָך האָט ער געפּרואווט. אומזיסטע אַרבעט. ריר אַ באַרג.

האָט ער זיך צוגעזעצט אויפֿן דיל טראַכטן. טראַכט היינט, טראַכט מאָרגן, ער איז פאַרשפּאַרט ווי אַ מויז אין אַ פּאַסטקע. האָט ער געוואַרט אַ שעה, צוויי שעה. ער איז געוואָרן הונגעריק, האָט ער גענומען קלאַפּן, שרייען, אומשליידערן שופלאָדן: אפשר וועט אים עמיצער דערהערן, אָבער קיינער האָט ניט געהערט און קיינער האָט די טיר ניט געעפנט. זיין קול האָט ניט געקאָנט דורכברעכן די גראָבע אייזערנע ווענט.

האָט ער געשריגן און געקלאַפּט ביז ער איז געוואָרן טויט־מיד און איז איינגעשלאָפן. איז ער אָפּגעשלאָפן אַ נאַכט און אַ טאָג, ביז דער הונגער האָט אים אויפגעוועקט.

האָט ער ווידער גענומען קלאַפּן און שרייען. געוואָרן מיד. איינגעשלאָפן. ווידער האָט אים דער הונגער אויפגעוועקט. האָט ער ווידער געקלאַפּט און געטומלט ביז ער איז ווידער איינגעשלאָפן.

אַזוי זיינען אַריבער זעקס טעג און פינף נעכט. איגדאל איז אַזוי שוואַך געוואָרן, אַז ער האָט זיך שוין ניט געקאָנט אויפהויבן פון דיל. איצט האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם רבס ווערטער:

„קיינער איז ניט פאַרזיכערט פון צרות. עס קאָן אַפילו טרעפן, אַז דו זאָלסט אויסגיין פון הונגער אין דיין פּאַלאַץ."

דער רב איז געווען גערעכט, האָט איגדאל געמורמלט, און געפאַלן אין חלשות.

שמערל נאַר ראַטעוועט איגדאלן.

**א**ון שמערל נאַר איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט. אַן אָרימער אָפּגעריסענער בעטלער. גייט ער פון הויז צו הויז און בעטלט און זינגט זיין לידל:

גוטע מענטשן האָט רחמנות,
העלפט אַ קבצן אין זיין נויט.
שענקט אַן אביון אַ נדבה,
גיט אים כאָטש אַ שטיקל ברויט.
אַ שטיין קאָן צעגיין פון זיין געזאַנג.

קומט שמערל נאַר אָן אין דער שטאָט פון דעם גביר איגדאל. קלאַפּט ער איבער די טירן און זינגט זיין לידל. דרייען זיך אַרום מענטשן אָפּלאַכער, ליידיקגייער און באַמערקן דעם אָרימאַן מיט דעם נאַרישן פּנים און ווילן זיך אַביסל לוסטיק מאַכן. זאָגן זיי צו שמערלען:

— ווילסט קריגן אַ פּעטן ביסן, פרעמדער? גיי אַריבער צו איגדאלס פּאַלאַץ. דאָרטן נעמט מען אויף אָרימעלייט מיט אָפענע אָרעמס און פאַרמאַכטע פויסטן.

און וואו איז דעם גוטן מענטשן איגדאלס פּאַלאַץ? — פרעגט שמערל.

שמייכלען די ליידיקגייער: אַ יאָלאָפּ, פאַרשטייט ניט קיין וויץ. ווייזן זיי אים.

גייט שמערל נאַר, קומט אָן אין איגדאלס פּאַלאַץ און זינגט זיין לידל. באַגעגענען אים די באַדינער און שמייכלען. זיי זיינען געווען גוט אויפגעלייגט, די באַדינער. איגדאל איז מיט אַמאָל פאַרשוואונדן, ניט געלאָזן קיין אויפפּאַסער. קאָנען זיי זיך לאָזן וואוילגיין.

זאָגן זיי צו שמערל נאַר: ווילסט עפּעס אַ שיינע נדבה, געלט אַ סך? האַ? גוט. מירן דיר געבן וויפיל דו ווילסט אַליין. עפן די קאַסע און נעם...

ווייסט ניט שמערל נאַר פון קיין חכמות און פרעגט:

— און וואו איז די קאַסע?

געפעלט עם די באַדינער. אַ נאַרישער אָרימאַן. האָט ניט געהערט איגדאלס ווערטל. רופן זיי זיך אָן און זאָגן:

— די קאַסע? קום מיר וועלן דיר ווייזן.

גייט שמערל נאַר. קומט מען צום צימער פון דער קאַסע. ווייזט מען שמערל נאַר די צוויי אייזערנע טירן, און מע זאָגט: — עפן.

עפנט שמערל נאַר די טירן. זעען אַלע ווי איגדאל ליגט אַ פאַר־כאַלעשטער אויפן דיל... איז געוואָרן אַ טומל, און מען האָט אים מיט גרויס מי אָפּגעמונטערט.

* * *

און איגדאל איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן אַן אַנדער מענטש. ער

האָט אנגעלאדן שמערל נאָר מיט מתנות, האָט צעטיילט אַ האַלב פאַרמעגן אויף צדקה. האָט אויפגעגעבן זיינע געשעפטן און זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט טאָן גוטס.

און שמערל נאָר טוט אַקוק אין זיין טאָרבע און זעט זי איז אָנגע־שטאָפּט מיט גאָלד. טראַכט ער: צייט גיין אַהיים. נעמט ער דעם שטעקן אין האַנט, די טאָרבע אויף דער פּלייצע און לאָזט זיך אין וועג אריין.



# שמערל נאַר קומט אַהיים.

ש ל ו ם  ש ע פ ס ל.

שלום שעפסל איז געווען אַ קליינינקער, אַ דינינקער, מיט דריי האָרבן: איין האָרב אויף דער פּלייצע, נאָך אַ האָרב פון פאָרנט, און אַ דריט האָרבעלע אויף דער נאָז. ווי אַזוי ער איז געוואָרן אַ האָרבאַטער, דערציילט שלום שעפסל אַזאַ מעשה:

עס איז געווען ווען גאָט האָט באַשאַפן אַלע מענטשן. זייער פיל קופּעס מיט ליים זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן. ליים פאַר הענט, ליים פאַר פיס, ליים פאַר נעז און פאַר פינגער. שלום שעפסל, ווען מען האָט אים באַשאַפן, האָט גענומען פון יעדער קופּע אַ ביסעלע ליים, געמאַכט אַ קייקעלע און עס געהאַלטן אין האַנט: ער וועט אויך מאַכן אַ קליין מענטשעלע, — האָט ער געטראַכט. ווען ער האָט זיך געלאָזט גיין מיט דעם ליים, האָט אַ מלאך באַמערקט אַז ער האַלט עפּעס אין האַנט, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— העי, דו, וואָס באַהאַלסטו דאָרט?

מאַכט זיך שלום שעפסל ניט־הערנדיק, ניט אים מיינט מען עס.

ווערט דער מלאך אין כעס, כאַפּט אַ שטיק ליים, און באַץ! אַ קנאַק אים אין פּלייצע, און גיט צו מיט אַ געשריי: — טאָקע דיך מיינט מען עס.

מאַכט זיך שלום שעפסל טאַמעוואַטע, קוקט זיך אום און זאָגט מיט אַן אומשולדיק מינעלע: — „פאַרוואָס קומט עס מיר?"

ענטפערט דער מלאך: — אַזוי? דו ביזט גאָט די נשמה שולדיק! לאָמיר זען וואָס דו האָסט באַהאַלטן אין הויפן.

זעט שוין שלום שעפסל אַז ער איז אַריינגעפאַלן, טוט ער אַ כאַפּ דאָס שטיקל ליים און אַ קלעפּ צו צו דער נאָז. צעלאַכט זיך דער

מלאך, טוט א כאפ נאך א שטיקל ליים, גיט אים א וואָרף אין הארצן,
און זאָגט: „איצט גיי“!

— מען קאָן דאָך קיין חזיר ניט זיין, — פאַרענדיקט שלום שעפּסל,
— גיי איך מיר אַוועק מיט אַלע דריי האָרבן.

— ס'איז טאַקע אַן אמת? — פרעגן אים די קינדער.

— אמת, ווי אַלע מעשות זיינען אמת, — ענטפערט שלום שעפּסל.

די מעשה מיטן עפּל.

שלום שעפּסל פלעגט זיצן באַ זיך אין גאָרטן אויף אַ באַנק אונטער אַן עפּלבוים, קייען אַן עפּל און דערציילן וואונדער.

„אַנהויב זומער זע איך ווי איין עפּל אויף דעם בוים איז עפּעס גרעסער ווי אַלע אַנדערע. נו, גרעסער איז גרעסער, טראַכט איך, ווייטער אַ דאגה! איך זע אָבער אַז דער עפּל וואַקסט עפּעס גאָר אַזוי און אַזוי, ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג, נעם איך און שפּאַר אונטער דעם צווייג מיט אַ שטעקן. אין אַ פּאָר טעג אַרום, דער צווייג בויגט זיך ווידער, שפּאַר איך אונטער מיט נאָך אַ שטעקן. קורץ, אַזוי גרוים און אַזוי ברייט, דער עפּל איז אויסגעוואָקסן ביז ער האָט דערגרייכט טאַקע ביז צו דער ערד. האָב איך פאַרשפּרייט אונטערן עפּל אַ ליילאַך, כדי ער זאָל ניט אָנהויבן פוילן, און געוואַרט וואָס וועט ווייטער זיין.

איז דער עפּל געוואַקסן און געוואַקסן ביז ער איז געוואָרן אַזוי גרוים ווי אַ הויז. האָב איך אים צעהאַקט מיט אַ האַק אויף שטיקער, אייגעזייערט, און האָב געהאַט עפּל אויף אַ גאַנץ יאָר, און עפּל־קוואַס האָב איך נאָך ביז היינט. איר זעט דאָס אָרט אונטערן בוים וואו עס וואַקסט ניט קיין גראָז? דאָרט איז עס דער עפּל געלעגן און ניט דערלאָזט אַז עס זאָל דאָרט עפּעס וואַקסן.

האָבן עטלאַכע קינדער געפרעגט: „איז עס אמת שלום שעפּסל?
האָבן אַנדערע קינדער געענטפערט:

— ס'איז אמת, אמת, אמת,
ווי לאָקשן מאַכט מען פון רייז.

ס'איז אמת ,אמת, אמת,
ווי ווינטער באַקט מען אייז.

לאַכט שלום שעפּסל און זאָגט: אויב איר גלויבט מיר ניט, טאָ לאָמיר אדרבא זען ס'אַרא קנאַקערס איר זענט — זאָגט מיר נאָך שנעל דריי מאָל:

פיר פורן פאָרן
פירן קאָרן
באַרג אַרויף
באַרג אַראָפּ

פּרואוון די קינדער און קאָנען ניט: זיי פאַרפּלאָנטערן זיך און צעמישן — פירן פאָרן, קאָרן פורן.
לאַכט שלום שעפּסל און זאָגט ווידער: זאָגט זשע אַ גרינגערע זאַך — פּערצן ווערטער מיט פערצן מעמען באַם אָנהויב וואָרט אַזוי:
— מיין מומע מרים מינדל מיט מיין מומע מייטל מינע מאַכן מיר מיטאָק מילכיקע מייערן —
הויבן די קינדער אָן צו לאַכן, און שלום שעפּסל זאָגט: דערפאַר זאָלט איר טאַקע וויסן אַז שלום שעפּסל דערציילט נאָך אמתע מעשות.
ענטפערן די קינדער:
— ס'איז אמת, ווי עס איז אמת, אַז אַ בלינדער האָט געזען ווי אַ הינקענדיקער איז געלאָפן און אַ שטומער האָט געשריען :געוואַלט ראַטעוועט!"
און די קינדער ענדיקן מיט אַ געזאַנג:

זומער זיינען די דעכער וויים געוואָרן,
סהאָט זיי באַדעקט אַ פּוכקער ווייסער שניי.
אַ קו איז געפלויגן איבערן דאַך
און האָט געלייגט אַן רויט-גרין איי.

אַזוי פלעגן די קינדער שפּאַסן מיט שלום שעפּסלען, און שלום שעפּסל איז אַזוי באַוואוסט געוואָרן מיט זיינע גוזמא'ס, אַז ווען

איינער פלעגט עפּעס איבערטרייבן, פלעגט מען גלייך אַ זאָג טאָן: „נו, ער האָט זיך שוין צעשלום־שעפּסל׳ט.

שלום שעפּסל קומט מיט אַ נייס פון שטאָט.

פאָרט איינמאָל שלום שעפּסל אַוועק מיט אַ וואָגן עפּל אין דער גרויסער שטאָט אַריין, קומט צוריק און דערציילט אַ נייעם וואונדער:

— אירט געהערט אַזוינס? שמערל נאַר, אונדזער שמערל נאַר, איז דאָך באַוואוסט מיט זיין חכמה איבער גאָר דער וועלט! באַם פּרינץ האָט מען באַ׳גנב׳עט זיין שאַצקאַמער, און שמערל נאַר האָט געכאַפּט די גנבים. איינער אַ משרת האָט געוואָלט באַרויבן אַ רייכן סוחר, האָט שמערל נאַר מיט זיין גרויס קלוגשאַפט באַלד אויסגעפונען דעם שווינדל.

האָבן אַלע געלאַכט און געזונגען:

ס׳איז אמת, אמת, אמת,<br>וואָס דו טוסט דאָ זאָגן,<br>ווי דו האָסט פון איין עפּל<br>אַ ים מיט קוואַס געקראָגן.

און מאָדנע! אַלעמאָל פלעגט שלום שעפּסל מיטלאַכן, ווען מ׳האָט אים געכאַפּט באַ אַ ליגן, אָבער דאָסמאָל האָט ער זיך געשפּאַרט און געשוואוירן, אַז די מעשה מיט שמערל נאַר איז טאַקע אמת.

האָבן מענטשן זיך געוואונדערט און געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

איינמאָל האָט געטראָפן, אַז אַ רעדל מענטשן איז זיך צונויפגעקומען אין מיטן מאַרק, און שלום שעפּסל איז געשטאַנען אין דערמיט און געקוויטשעט מיט אַ דין קול׳כל:

— איך זאָג אייך אַז היינטיקס מאָל דערצייל איך אָן אמת. איר ווייסט דאָך אַז איך שעם זיך ניט מיט קיין גוזמאָ׳ס, אָבער דאָסמאָל דערצייל איך פּאָרט אָן אמת!

איז ווי שלום שפּעסל האָט אַזוי געטענהט, האָט זיך דערהערט
אַ קלינגען פון גלעקלאַך, און באַלד האָבן אַלע דערזען: אַ פּאַיעטאָן
מיט פיר פערד! און ווער, מיינט איר, איז געזעסן אין פּאַיעטאָן?
שמערל נאַר, אָנגעטאָן ווי אַ פּירשט!

זיינען אַלע געבליבן שטיין מיט אָפענע מיילער.

אָבער שמערל נאַר איז גלייך פאַרפאָרן צו זיינע עלטערנס הויז.
זיינע טאַטע מאַמע האָבן געמאַכט אַ גרויסע סעודה, געשטעלט לעקאַך־און־בראַנפן, און שלום שעפּסל האָט געגעסן און געטרונקען מער פון אַלעמען און געזונגען:

ס'איז אמת, אמת, אמת,
ווי אַלע מעשות זיינען ניט קיין ליגן,
ס'איז אמת, אמת, אמת,
ווי אַ העלפאַנט האָבן אויפגעגעסן צוויי פליגן.

און שמערל נאַר איז געבליבן אין שטעטל. ער האָט געקראָגן
אַ כלה, און געלעבט גליקלאַך, אָבער ניט לאַנג...



# שמערל נאַר פאַרן קייסערלאַכן סענאַט.

שמערל נאַר אין דער היים.

שמערל נאַר האָט חתונה געהאַט. געקויפט אַ הויז, געהאַט קינדער: דריי אינגלאך און צוויי מיידלאך, און געוואָלט זיין ווי אַלע מענטשן אַרום אים, און נישט געקאָנט.

ס'איז געווען אַזוי:

שמערל נאַר איז אָנגעקומען אין שטעטל מיט אַ פֿאַראַד און אַ טומל, די חברים האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן — לאַכן פֿון דער וועלט, אָדער באַוואונדערן שמערלען. ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז, האָט מען אָבער אָנגעהויבן דרך־ארץ האָבן פֿאַר שמערלען. אַ מענטש שווייגט שטענדיק! גייט תמיד אָנגעטאָן זויבער, ציכטיק און... שווייגט.

האָט מען אים באַגעגנט, האָט זיך נישט־ווילנדיק אַרויסגעכאַפּט אַ „גוט מאָרגן". אָבער באַגריסנדיק אים, האָט מען זיך געפֿילט נאַריש: באַגריסט שמערל נאַר.

פֿלעגט שמערל נאַר אַרומגיין און טראַכטן: פֿאַרוואָס קאָן איך נישט זיין ווי אַלע מענטשן אַרום מיר? אָט וואָלט ער געוואָלט דאַווענען הויך אויפֿן קול, קאָן ער נישט. — האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעלערנט זאָגן גוט עברי, רוקט שמערל אָן באַם דאַווענען דעם טלית איבערן קאָפּ, און וויינט אין זיך. הערן מענטשן זיין ברומען און לאַכן. הערט שמערל ווי מען לאַכט פֿון אים, ווערט ער טרויעריקער און שווייגנדיקער.

קומט שמערל נאַר צום רב און באַקלאָגט זיך: „רבי, וואָס וויל מען פֿון מיר? איך וויל דאַווענען אָבער איך קאָן נישט. וואָס לאַכט מען פֿון מיר?"

זעט דער רב — אַ שטומע נשמה נעבאַך, עצהט ער אים: „דאַוון אַליין, פאַר זיך“. פאָלגט שמערל.

און שמערלס הויז איז הינטערן שטאָט, לעבן וואַלד. טוט אָן שמערל טלית און תפילין, שפּאַצירט אַרום לעבן הויז, פאַרקריכט אין וואַלד. דאַוונט.

קריגט מען אין שטעטל מער דרך־ארץ פאַר שמערלען: אַ מענטש גייט אַרום אין וואַלד, איינגעוויקלט אין טלית און תפילין — עפּעס שטעקט אין דעם.

גייט שמערל נאַר אַרום אין וואַלד און טענהט זיך אויס מיט גאָט:

„גאָט מיינער, האַרציקער פאָטער, פאַרוואָס קאָן איך ניט זיין גלייך מיט אַלע מענטשן — ריידן אַ סך, לאַכן, זיין מיט אַלעמען גוט־ברודער, פאַרוואָס?

„און פאַרוואָס טאַקע קוקן מענטשן אַזוי מאָדנע אויף מיר? וואָס איז געשען באַם פּריץ, און פאַרוואָס האָט ער מיר געגעבן אַ זעקעלע בריליאַנטן? און וואָס האָב איך דאָ אויפגעטאָן באַם רב אין הויז מיטן סוחר? און וואָס איז פאָרגעקומען באַ איגדאַלן? באַ וועמען זאָל איך פרעגן? ווער קאָן מיר געבן אַן ענטפער?

שמערל וויל באַ עמיצן פרעגן, אָבער ער האָט מורא מען וועט געוויס לאַכן. ער וואָלט אפשר געפרעגט באַ זיין פרוי, ווייסט ער ניט ווי אַזוי. שווייגט ער און שווייגט.. און שפּאַצירט גאַנצע טעג און נעכט אַרום אין וואַלד אַן אומעטיקער, אַ דערשלאָגענער.

גראַף האָרוואַט.

**א**ין יענעם שטעטל האָט געוואוינט אַ פּריץ מיטן נאָמען האָרוואַט. האָרוואַט איז געווען רייך און מעכטיק. געוואוינט אַ גאַנצן ווינטער אין דער הויפּטשטאָט, און אויפן זומער פלעגט ער קומען אויף זיין גוט אין שטעטל אין זיין זומער־פּאַלאַץ.

איז דער דאָזיקער פּריץ געווען אַ גרויסער באַרימער, און האָט ליב געהאַט אַלץ צו איבערטרייבן. איבערהויפּט פלעגט ער זיך באַ־

רימען מיט זיינע פערד. אמת, פערד האָט ער געהאַט גוטע, אַראַבישע, די איינציקע אין גאַנצן לאַנד. זיינע איבערטרייבונגען זיינען אָבער געווען נאָך שענער. פלעגט ער, למשל, דערציילן אַזעלכע מעשות:

„איינמאָל, ווינטערצייט", איז ער געפאָרן מיט זיינע פערד אין דער הויפּטשטאָט, האָט ער איבערגעיאָגט די באַן און איז אָנגעקומען מיט צוויי שעה פריער אין שטאָט אַריין". גלויבט מען אים, וואָס דען?

אַ צווייטן מאָל, דערציילט ער, האָט ער זיך געוועט מיט נאָך אַ גראַף, וועמעס פערד עס קאָנען לויפן שנעלער און לענגער. זיינען דעם גראַפס פערד געלאָפן צוויי מעת-לעת אָן עסן און אָן טרינקען, אָבער זיינע פערד זיינען געלאָפן אַכט מעת-לעת נאָכאַנאַנד. ער האָט זיי אָפּגעשטעלט, באַרימט ער זיך, בלויז דערפאַר ווייל עס איז אויסגעגאַנגען שפּייז פאַר אים אַליין. אַ ניט, וואָלטן די פערד געקאָנט לויפן נאָך אַכט טעג און נעכט. אוודאי אַן אמת.

זיין באַליבטע באַרימעריי איז געווען, אַז זיינע פערד האָבן קיין-מאָל ניט קיין מורא פאַר וועלף. פאַרקערט, וועלף ציטערן פאַר זיי. איינמאָל אין אַ ווינטער, דערציילט ער, האָבן זיינע באַדינער פאַרגעסן צוצושליסן די שטאַל, און זיינע צוויי שוואַרצע אַראַבישע פערד זיינען אַרויסגעגאַנגען אין וואַלד אַריין. זיינען וועלף באַפאַלן די פערד. וועלף, גאַנצע באַנדעס! האָבן די פערד אויסגעהרגעט צוועלף וועלף, די איבע-ריקע זיינען זיך צעלאָפן. יעדער קאָן זען די פעל פון די וועלף בא אים אין פּאַלאַץ, זאָגט ער. נו, ווי גלויבט מען ניט אַזאַ זאַך?

האָבן די אידן פון שטעטל געהאַט אויף איינעם וואָס טרייבט איבער, אַזאַ ווערטל:

„וואו זיינען מיינע פערד?

אין וועלדל, שלאָגן זיך מיט וועלף."

דער פּריץ האָט ניט געוואוסט פון דעם ווערטל. פאַר אים אין די אויגן פלעגט זיך יעדער בויגן אין דרייען און אים חנפענען.

האָט שמערל געהערט דאָס דאָזיקע ווערטל, און האָט ניט גע-וואוסט וואָס דאָס מיינט. עס איז אים אָבער געפעלן געוואָרן, און ער האָט זיך עס אויסגעלערנט:

„וואו זיינען מיינע פערד?
אין וועלדל, שלאָגן זיך מיט וועלף.“

דער צופאַל מיט האָרוואַטס פערד

גייט אַזוי שמערל נאַר אַרום אין וואַלד און דאַוונט“. ער איז אָנ־געטאָן אין טלית, איז פאַרטראַכט, אָבער ווען־ניט־ווען רעדט ער צו זיך אַ וואָרט. ער שטעלט זיך אָפּ לעבן אַ בוים און לייגט ווידער פאַר זיינע אַלטע טענהס פאַר גאָט. טענהט ער צו זיך פאַ־מעלאַך, רעדט אַרויס יעדעס וואָרט באַזונדער: שווער איז אים צו ריידן אַפילו צו זיך אַליין.

ווי ער איז אַזוי פאַרטיפט, הערט ער אַז אַ רייטער דערנענטערט זיך, און פאָרט טאַקע גלייך צו אים. שטעלט זיך דער רייטער אָפּ און פרעגט:

— הייליקער מאַן, ווייסטו וואו זיינען מיינע פערד?

ווייסט שמערל, אַז צו דער פראַגע איז נאַר דאָ איין ענטפער. ענטפערט ער: „אין וועלדל, שלאָגן זיך מיט וועלף“.

גיט דער רייטער אַ קלאַפּ מיט די שפּאָרן, און אַוועק. ער קומט אין וועלדל, און זעט ווי זיינע פערד שטייען פאַרסאָפּעטע, און אַרום זיי טריט פון וועלף. שיסט ער אויס אין דער לופטן — דערשרעקן זיך די וועלף. פאַרנעמט ער זיינע פערד אַהיים.

דער דאָזיקער רייטער איז געווען דער פריץ דער באַרימער. אויף מאָרגן קומט ער אין שטעטל און פרעגט: „וואו וואוינט דאָ ערגיץ דער הייליקער מאַן, וואָס דאַוונט אין וואַלד?“

ווינקען זיך די אידן איבער: עפּעס אַ נייע מעשה מיט שמערל נאַר. ווייזט מען דעם גראַף שמערלס וואוינונג, און עס געפינען זיך מענטשן וואָס דערציילן דעם פריץ די גאַנצע געשיכטע פון שמערל נאַר.

קומט דער פריץ צו שמערל נאַר און רופט זיך אָן:

— הייליקער מאַן, דו האָסט געראַטעוועט מיינע טייערע אַראַ־בישע פערד, די פערד וואָס איך האָב געקראָגן אַ געשאַנק פון קעניג. איך האָב דיר דערפאַר געבראַכט אַ מתנה.

נעמט שמערל נאַר צו די מתנה און שווייגט.
רופט זיך ווייטער אָן דער פּריץ:
— געטלאַכער מאַן, איך האָב געהערט די וואונדער וואָס דו האָסט געוויזן. איך וויל דיך בעטן דו זאָלסט זיך אַריבערקלייבן מיט דיין פאַמיליע צו מיר אין הויף און זיין מיין וואונדער-מאַן, מיין שטערן-זעער.
שרעקט זיך שמערל נאַר, און שווייגט.
רופט זיך ווייטער אָן דער גראַף:
— מיר וועלן דיר דערלאַנגען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. איך וועל פאַר דיר באַשטעלן באַדינער. דיין וואָרט וועט זיין געזעץ אין הויף. זיי אָבער מיין הייליקער, מיין העלפער, מיין וועג-ווייזער.
— איך קאָן ניט, ברומט אַרוים שמערל נאַר.
רעדט ווייטער דער פּריץ:
— מיר נויטיקן זיך אין דיר. מיר דאַרפן דיך האָבן. די וועלט דאַרף דיך. קום צו אונדז, און זיי אונדזער וועג-ווייזער.
— איך קאָן ניט, — ברומט אַרוים שמערל נאַר אַ טרויעריקער.
פאַרלירט שוין גראַף האָרוואַט זיין געדולד, און ער טוט אַ דונער:
— איך, גראַף האָרוואַט, רעד. מיין וואָרט איז געזעץ. זאָלסט זיך מאָרגן אַריבערקלייבן אין הויף און זיין מיין וועג-ווייזער. וועסטו ניט קומען אין הויף ווערן מיין הייליקער, וועל איך דיך ברענען מיט אייזערנע פרענטן, און צווינגען דיך צו דעם.
אָפּגעזאָגט און פאַרשוואונדן.
לויפט שמערל נאַר צום רב און רעדט אָפּגעהאַקטע ווערטער:
— רבי, וואָס ווילן זיי פון מיר? אַלע זאָגן „וואו זיינען מיינע פערד? אין וועלדל, שלאָגן זיך מיט וועלף" און גאָרניט. האָב איך עס נאַר איין מאָל געזאָגט, וויל מען מיך מיט אייזערנע פרענטן ברענען איך זאָל זיין אַ הייליקער.
— ס'איז דיר אַזוי באַשערט.
— איך בין דאָך שמערל נאַר, רבי, קאָן אפילו קיין עברי ניט, וואָס וויל מען פון מיר?
— ס'איז דיין מזל, פאָלג.

שווייגט שמערל נאַר און קלייבט זיך אַריבער צום גראַף אין פּאַלאַץ.

### אין גראַפס פּאַלאַץ

יצט שמערל באַם פּריץ אין הויף, האָט פון שענסטן און בעסטן, און פילט זיך ווי אַ געפאַנגענער. ער שרעקט זיך: אַט וועט מען פון אים עפּעס פאַרלאַנגען און ער וועט ניט קאָנען נאָכקומען.

עס זיינען אָבער אַריבער חדשים און מען האָט אים ניט גערופן און מען האָט אים גאַרניט געפרעגט. טראַכט שמערל: ס'איז גוט אַזוי, אָבער צו וואָס דאַרף ער עס אַלץ האָבן. ער וועט זיך גאָר אַרויסגנבענען און וועט ווידער אַוועק איבער דער וועלט. ער וועט ווידער גיין פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד. קיינער וועט אים ניט קענען, קיינער וועט פון אים גאַרניט מאָנען. ער וועט צוריק זיין שמערל נאַר, דער בעטלער ווי געווען.

קלייבט זיך און קלייבט זיך שמערל נאַר און קאָן זיך ניט אָפּרייסן: קינדער, אַ הויז, צוגעבונדן געוואָרן. איז שמערל געוואָרן נאָך שווייגנ-דיקער, געגאַנגען אָפטער אין וואַלד אַריין, און אָפּגעלייגט זיין פּלאַן אויף מאָרגן, מאָרגן.

דערווייל האָט אין הויף געטראָפן אַן אומגליק: די גרעפין האָט פאַרלוירן אַ רינגל. דאָס רינגל איז געווען אַ געשאַנק פון קעניג. די פּריצטע וועט זיך ניט קאָנען ווייזן פאַר די מיניסטאָרן און די הויף-דאַמען אָן דעם קעניגס געשאַנק. קומט דער פּריץ צולויפן צו שמערל נאַר און זאָגט זיך אָפּ קורץ און שאַרף:

— מען האָט באַ מיין פרוי גענגבעט אַ רינגל, אַ געשאַנק פון קעניג. געפין מיר דאָס רינגל. איך גיב דיר דריי טעג צייט. — אָפּ-געזאָגט און אַוועק.

זעט שמערל נאַר ווי דער רייטער פאַרשווינדט, זיפצט ער און שווייגט. באַנאַכט לויפט שמערל צום רב. דערציילט אַלץ וואָס עס האָט געטראָפן, און פרעגט טרויעריק: „רבי, פאַרוואָס קומט עס מיר?"

— ווער ווייסט, — ענטפערט דער רב, — ס'איז דיין מזל.

ש מ ע ר ל נ אַ ר

— אָבער וואָס זאָל איך טאָן, רבי?
— טו וואָס אידן טוען ווען זיי זיינען אין אַ צרה: פאַסט און בעט גאָט.
האָט שמערל נאַר געפאָלגט.

ר ע ש ע ס

באַם גראַף אין הויז איז געווען אַ באַדינער מיטן נאָמען רעשעס. אַ הויכער לאַנגער מאַן מיט שפּיציקע אויגן און לאַנגע וואָנצעס. ער איז געווען אַ בייזער, אַ שלעכטער. פאַר יעדער קלייניקייט פלעגט ער זיך וואַרפן שלאָגן. און איבערהויפּט האָט ער פיינט געהאַט קינדער.

און שמערל נאַר האָט געהאַט אַ אינגל מיטן נאָמען יאַנקל. אַ אינגל אַ שטיפער, אַ ברען. ער פלעגט ליב האָבן צו קלעטערן אויף פּלויטן און בוימער.

אויפן צווייטן טאָג פון שמערלס פאַסטן, כאַפּט רעשעס יאַנקלען ווי ער קלעטערט אויף אַ באַרנבוים. האָט אים רעשעס אַ פּאַק געטאָן, און גוט אָנגעריסן די אויערן. צעוויינט זיך יאַנקל און אַנטלויפט. לויפנדיק, שטעלט ער רעשעסן אַרויס אַ צונג און זאָגט:
— וואַרט ,וואַרט, מיין טאַטע וועט זיך מיט דיר אָפּרעכענען!
רעשעס איז בלייך געוואָרן. באַנאַכט איז ער אַריין צו שמערלען אין הויז. שמערל איז געזעסן איינגעוויקלט אין טלית, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט און געשוויגן. פאַלט רעשעס שמערלען צו די פיס און בעט:
— הייליקער מאַן, געטלאַכער מאַן, איך ווייס אַז דו ווייסט, אַז איך האָב דאָס רינגל. דו ווייסט דאָך אָבער, אַז איך האָב עס ניט גענגנבעט. איך האָב עס געפונען. עס איז מיר שווער צו לעבן. עס פעלט אין הויז ברויט, קליידער, האָלץ אויף צו הייצן דעם אויוון. האָב איך געטראַכט, דער פריץ האָט גענוג, לאָמיך נעמען אַ ביסל. האָב איך גענומען אַ רינגל און עס באַהאַלטן אין שייער אונטערן דאַך. ראַטעווע, גיב ניט אַרויס.

— גוט, — ענטפערט שמערל נאַר. — גיי אַהיים, זיי רואיק, איך וועל ניט דערציילן.

אויפן דריטן טאָג קומט דער גראַף צו שמערל נאַר:

— וואו איז דאָס רינגל? — פרעגט ער.

ענטפערט שמערל נאַר: „אין שייער אונטערן דאַך".

שיקט דער פריץ אַוועק אַ שטאַפעט. קומט דער שטאַפעט באַלד צוריק מיטן רינגל.

פרעגט דער פריץ: „ווער האָט דאָס רינגל געגנבעט?"

ענטפערט שמערל נאַר: „דאָס טאָר מען ניט".

— איך באַפעל!

— מען טאָר ניט. אַ מענטש איז אָרים, ווערט ער געשטרויכלט. אַ מענטש איז הייליק.

— ווער האָט עס געזאָגט?

— ער, — ענטפערט שמערל נאַר.

— נו, אַז גאָט האָט געזאָגט, מוז מען פאָלגן, — זאָגט דער פריץ. און דיך וועל איך באַלוינען, ווי עס פאַסט פאַר אַ האָרוואַט.

## דער גאָלדענער פויגל אין אייזערנעם שטייגל

**א**יז אַוועק דער זומער. דער ווינטער איז געקומען, און דער גראַף איז אַוועק אין דער הויפּטשטאָט... אין קייסערלאַכן הויף האָט זיך דעמאָלט געטומלט מיט אַ גאָלדענעם פויגל.

ס'איז געווען אַזאַ מעשה.

דער קעניג האָט געקראָגן אַ מתנה פון אַ יאַפּאַנישן פרינץ אַ פויגל וואָס האָט געהאַט דעם קאָליר פון גאָלד. ס'איז געווען אַ זעלטענער פויגל. נאָך איינעם אַזאַ האָט מען ניט געקאָנט קריגן. האָט דער קעניג אַריינגעזעצט דעם פויגל אין אַ גאָלדענעם שטייגל, אָבער עס איז אַריבער אַ חודש און דער פויגל איז פאַרשוואונדן פון שטייגל. מען האָט דעם פויגל געפונען באַם קעניג אין גאָרטן אויף אַ בוים, און מען האָט אים ווידער אַריינגעזעצט אין שטייגל. עס איז אַריבער

אַ וואָך, און דער פויגל איז ווידער פאַרשוואונדן. קוים מיט צרות האָט מען אים ווידער געכאַפּט. דאָס מאָל האָט מען אים שוין אַריינ־געזעצט אין אַן אייזערנער שטייג און אַוועקגעשטעלט אַ סאָלדאַט אויף דער וואַך.

האָבן זיך אַלע פאַרוואונדערט ווי אַזוי דער פויגל האָט געקאָנט פאַרשווינדן. און ווען האָרוואַט איז אָנגעקומען צום קעניג אין שלאָס, האָט מען אַלץ גערעדט וועגן דעם וואונדערלאַכן צופאַל.

הערט דער גראַף די מעשה און ער זאָגט:

— איך האָב אַ הייליקן אין מיין זומער־הויז, זיינען פאַר אים קיין סודות ניטאָ. ער קאָן אַלץ אויסגעפינען.

לאַכט מען פון דעם פריץ.

דערציילט דער פריץ אַלע וואונדער פון שמערל נאַר. אַז די מיניסטאָרן האָבן דאָס דערהערט, איז געבליבן מען זאָל שיקן רופן שמערל נאַר.

קומט אָן אַ שטאַפעט פון קעניגלאַכן הויף, אַז שמערל נאַר ווערט אויפגעפאָדערט צו דערשיינען פאַרן קעניג.

גנבעט זיך שמערל נאַר אַריבער צום רב, און טענהט ווייטער:

— רבי, רבי, וואָס וויל מען פון מיר? איך בין אַ פּראָסטער איד, קאָן אפילו ניט דאַווענען. וואָס וויל מען פון מיר?

— דאָס איז דיין גורל, — ענטפערט דער רב.

— אָבער וואָס ווילן זיי פון מיר?

— ווער ווייסט.

— ווי אַזוי וועל איך אַלץ קאָנען טרעפן? וואָס איז, איך בין אַ כישופמאַכער?!

— טראַכט דער רב אַ ווייַלע און ענטפערט: „דער בעסטער וועג איז דער אמת. דערצייל זיי ווער דו ביסט. דערצייל דעם אמת.

— זיי וועלן מיר ניט גלויבן, רבי.

— טאָ דערצייל זיי מיט אַ משל זיי זיינען דאָך דאָרטן קלוגע לייט, וועלן זיי פאַרשטיין. דערצייל זיי אָט אַזוי: — — — און דער רב האָט שמערלען אויסגעלערנט אַ משל.

## שמערל נאַר פאַרן קייסערלאַכן סענאַט

קומט שמערל נאַר צופאָרן אין הויפטשטאָט. טוט מען אים איבער אין קעניגלאַכע קליידער, און פּופּציק סאָלדאַטן באַגלייטן אים צום סענאַט. גייט שמערל אַריין אין זאַל, און ווי ער טרעט נאָר אַריבער די שוועל, הויבט ער גלייך אָן מיט אַ משל וועגן זיך און זיין נביאות אין גראַפּס שלאָס:

„צוויי מאָל איז דעם פויגל געלונגען, ווייל דאָס שטייגל איז געווען שוואַך, און ניט באַוואַכט. אַ דריט מאָל וועט עס אָבער ניט געלונגען, ווייל די שטייג איז שטאַרק און באַוואַכט".

זיינען די מיניסטאָרן געפּלעפט געוואָרן.

פרעגט איינער: „און וואָס ווייטער?"

ענטפערט שמערל נאַאיוו: „מער גאָרניט".

— מער גאָרניט? — פרעגט מען איבער.

— גאָרניט, — ענטפערט שמערל.

זיינען די מיניסטאָרן געבליבן ווי פאַרגליווערטע. מען טאָר מער ניט פרעגן.

שמערל נאַר האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון פּאַלאַץ, האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קעניגלאַכע קליידער, אָנגעטאָן זיינע בעטלער שמאַטעס, און האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער ברייטער, ווייסער וועלט אַריין, און אָנגעהויבן ווייזן גרעסערע וואונדער.



# קיינער ווייס ניט אַלץ

שמערל נאַר לערנט זיך אויס לייענען אידיש

שמערל נאַר איז אַרויס פון קעניגס פּאַלאַץ און האָט זיך געלאָזן אין דער ברייטער וועלט אַריין. ער האָט געפילט ווי אַ יאָך איז אים אַראָפּ פון די פּלייצעס — ניטאָ מער קיין פּריץ, ניטאָ מער קיין שרעק. קיינער ווייסט אים ניט און קיינער קען אים ניט. אַליין. פאַר זיך. ס'איז גוט.

אָפּט האָט שמערל גאָר געטראַכט פון זיין פרוי און קינדער. געבענקט נאָך זיי. געוואָלט זיך אומקערן. האָט ער זיך אָבער דערמאָנט אַז מען וועט אים אויפנעמען מיט פּאַראַד און כבוד. מען וועט אים ווידער מאַכן פאַר אַ הייליקן, האַלטן פאַר אַ וואונדער-ווייזער, — האָט ער באַהאַלטן די בענקעניש נאָך זיין פאַמיליע טיף אין האַרצן און געשוויגן.

ער האָט געשוויגן און גע'חלומט. גע'חלומט באַטאָג און באַנאַכט. מאָדנע פלאַנטערדיקע חלומות פלעגט ער חלומען. און ער האָט ניט געוואוסט וועמען צו פרעגן.

האָט ער געטראַכט: אַלץ מוז דאָך זיין פאַרשריבן אין ספרים, אין ביכער. ווען ער, שמערל זאָל קאָנען לייענען! פּרואווט ער. דאַוועגען קאָן ער אַביסל. דאַוונט ער און דאַוונט און פאַרשטייט ניט קיין וואָרט.

איינמאָל איז שמערלען אַריינגעפאַלן אַ ספר וואו אונטן איז געווען עברי-טייטש. אויבן לשון-קודש און אונטן אידיש. לייענט שמערל נאַר וואָרט נאָך וואָרט, יעדן אות באַזונדער, און וואונדער — ער ווייסט וואָס ער לייענט.

איז אים אַ גרויסע פרייד באַפאַלן. מען קאָן מיט עמיצן ריידן, און עס זאָל דאָך קיינער ניט זיין דערביי. מען קאָן זיך דאָס האַרץ

אויסריידן. אַזעלכע שיינע זאַכן שטייען דאָרט אין די ספרים. האָט ער זיך בּיסלאַכווייז אויסגעלערנט עברי־טייטש.

און אַז ער האָט זיך אויסגעלערנט לייענען אידיש, האָט ער ליב געהאַט לייענען העבּרעאישע פּסוקים און זען זייער טייטש. און וואָס מער ער האָט געלערנט, אַלץ מער האָט ער ליב געהאַט אַריינצוקוקן אין ספרים. האָבּן זיך בּאַ אים אויסגעמישט דריי זאַכן: חלומות בּאַנאַכט, דאָס וואָס ער האָט געזען בּאַטאָג און זאַכן פון די ספרים.

גייט שמערל נאָר אַרום פאַרטראַכט, פאַר׳חלומט, האָט מיט קיי־נעם גאָרניט וואָס צו טאָן, קוקט אין ספרים, עסט בּרויט מיט וואַסער, שלאָפט אויפן דיל, שמייכלט און שווייגט. ער לאָזט אַלעמען צורו, און אַלע לאָזן אים צורו.

צוויי מאָדנע ווערטער

ס׳איז אַ ליכטיקער זומער פרימאָרגן. שמערל נאָר גייט זיך אָנגע־טאָן ווי אַ בּעטלער מיט אַ טאָרבּע אויף די פּלייצעס און אַ ספר׳ל אין האַנט. אַלע ווײלע הויבּט ער אויף זיין קאָפּ און טוט אַ קוק אַרום זיך. ריכטיק, דאָס ספר זאָגט אַז פויגלען זינגען אַלע אינדערפרי אַ לויבּ צו גאָט — אַן אמת. אָט זינגען טאַקע אַלע פויגלען אַזוי שיין. די זון שיינט אויך פּונקט ווי דאָס ספר זאָגט. דאָס טייכל, די גראָזן, די בּוימער — אַלץ אַן אמת ווי אין ספר שטייט. ער איז אומישנע אויפגעשטאַנען פרי און איז אַוועק אין וועג דורכצוגיין דעם וואַלד און זען גאָטס וואונדער וואָס דאָס ספר רעדט פון זיי. ס׳איז אמת.

איז שמערלען אַ גרויסע פרייד בּאַפאַלן. די ספרים ווייסן אַלץ, וועט ער פון זיי אַ סך לערנען און אַלץ וועט אים זיין קלאָר.

לערנט ער און לערנט. זעט ער אַמאָל אין אַ ספר שטייט גע־שריבּן: „ואינני יודע“, זאָגט דער טייטש — „און איך ווייס ניט“. טוט ער אַ קוק נאָכאַמאָל, אָבּער עס שטייט פאָרט „און איך ווייס ניט“. פאַרשטייט ניט שמערל; וואָס הייסט דאָס ספר ווייסט ניט? טראַכט שמערל — אַך, ווען ער זאָל נאָר האָבּן מוט צו פרעגן דעם רבּ!

זוכט שמערל נאַר אין ספר און טראַכט און טראַכט און קאָן זיך ניט דערטראַכטן. גייט ער אַרום אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ צו דער ערד, ווי איינער וואָס זוכט עפּעס, וואָס ער האָט פאַרלוירן.

שלעפּט זיך אַזוי שמערל נאַר איבער אַ ברייטן שליאַך און בורטשעט צו זיך: „ואינני יודע, און איך ווייס ניט. ער ווייס אויך ניט. קיינער ווייסט ניט...‟ גייט ער אַזוי און גייט, דעם קאָפּ צו דער ערד, און בורטשעט. מיטאַמאָל דערזעט ער אַ גאָלדן רענדל. מאַכט ער זיך ניט-זעענדיק. וויל עס ניט אויפהויבן. דאַרף עס ניט האָבן. גייט ער אָפּ פינף טריט, נאָך דריי רענדלאַך. זיפצט שמערל נאַר—עפּעס וויל מען פון אים. ער וועט עס אָבער ניט אויפהויבן. גייט ער אָפּ דריי טריט. עס ליגן שוין פינף רענדלאַך. נאָך אַ טראָט—רענדלאַך און רענדלאַך, אַ טאָרבע אַ גאַנצע.

זיפצט שמערל נאַר: מען וויל שוין פון אים עפּעס ווידער. קלייבט ער די רענדלאַך און שטופּט אין טאָרבע. אַ גאַנצע טאָרבע אָנגעשטאָפּט. שווער. גייט ער איינגעבויגן. אַזאַ משא, ס'איז דאָך גאָלד. קומט ער אין שטאָט אַריין און פאַרגייט באַלד צום רב.

## די מיסטעריע

אין רב'ס הויז איז אַ טומל און אַ געפּילדער. עס שטייט אַ בעס'דיקער און בייזער מענטש אין מיטן הויז און שרייט. לעבן אים שטייט נאָך אַ מענטש, די אויגן אַראָפּגעלאָזן צום דיל, בייסט די ליפּן און שווייגט.

און שמערל נאַר הערט דעם בייזן מענטשן שרייען:

—„רבי, ווי אַזוי קאָן איך ניט באַשולדיקן? אמת, שוין צוועלף יאָר אַז ער איז מיין בוכהאַלטער און העלפער, און קיינמאָל האָב איך אים ניט געכאַפּט עפּעס גנב'ענען. ער האָט אַלעמאָל געטאָן זיין אַרבעט ערלאַך, אָבער זאָל ער מיר דערקלערן, ווי אַזוי האָט עס געקאָנט טרעפן.

—„מיט דריי וואָכן צוריק, רבי, זיינען מיר ביידע אַרויסגעפאָרן פון דער היים קיין דאַנציג קויפן סחורה. מיר האָבן מיט זיך מיטגענומען צוועלף הונדערט רענדלאַך. איך האָב אָבער מורא געהאַט צו פירן מיט

זיך אזוי פיל געלט, האָב איך אויסגעהוילט אַ ברעט אין וואָגן, אַריינ־געלייגט די רענדלאַך אינעווייניג, און צוריק פאַרקלאַפּט. קיינער אַ חוץ אים, האָט פון מיין סוד ניט געוואוסט.„

— „און איך פלעג זיך פירן אַזוי. אַלעמאָל אײדער איך בין אַרויס־געפאָרן, האָבן איך אַ קוק געטאָן צי דאָס ברעט איז גאַנץ. אַז מיר פלעגן קומען ערגיץ, פלעג איך באַלד נאָכקוקן צי דאָס ברעט איז ניט גערירט. אַזוי האָב איך זיך געפירט.“

— „אָבער ווען איך בין נעכטן אָנגעקומען אין שטאָט אַריין, האָב איך דורך אַ צופאַל פאַרגעסן צו באַקוקן דאָס ברעט. היינט גאַנץ פרי האָב איך זיך אַראָפּגעכאַפּט אין שטאַל צו זען וואָס עס הערט זיך מיט מיין אוצר. איך גיב אַ קוק — ער שטייט לעבן וואָגן און פאַרשטעקט דאָס ברעט מיט זיין נאָזטיכל. איך טו זיך אַ כאַפּ צו דעם ברעט: עס זיינען אינגאַנצן געבליבן צען רענדלאַך. היינט ווער האָט יָס גענומען די איבעריקע, אויב ניט ער?“

אַזוי טענה׳ט דער בייזער מענטש, און דער אַנדערער שטייט און שאָקלט מיטן קאָפּ.

— „אָן אמת, — הערט שמערל נאָר דעם שטילן מענטשן זאָגן. — אָן אמת, ס׳איז מיין נאָזטיכל. איך האָב עס פאַרשטעקט. דאָס געלט האָב איך אָבער ניט גענומען. איך בין אַראָפּ אין שטאַל נעמען עפּעס פון מיין רייזע־טאַש, זע איך, אַז דאָס לאָך פון ברעט איז אָפן, האָב איך עס פאַרשטעקט מיט מיין נאָזטיכל, און האָב געוואָלט רופן דעם באַלעבאָס. ערשט ער איז אָנגעקומען און האָט גענומען שרייען „כאַפּט אַ גנב“. איך ווייס, איר וועט מיר ניט גלויבן, אָבער איך שווער אַז איך האָב ניט גענומען די רענדלאַך. אדרבא, זאָל ער בײַ מיר זוכן און זען צי איך האָב דאָס געלט.“

„רבי, ער האָט די רענדלאַך באַהאַלטן, — שרייט דער אַנדערער ווידער. — וואָס, ער וועט עס מיט זיך אַרומטראָגן? זאָל ער בעסער זאָגן וואו ער האָט באַהאַלטן דאָס געלט. אויב ער זאָגט ניט, וועל איך רופן די פּאָליציי. און איר ווייסט דאָך וואָס עס קומט אַ גנב? מען וועט אים די רעכטע האַנט אַראָפּהאַקן.“

דער רב האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, שטופּט זיך שמערל נאַר דורך צווישן עולם, גייט צו צום רב און ליידיקט אוים די גאַנצע טאַרבע מיט רענדלאַך אויפן טיש. בלייבן אַלע מיט אָפענע מיילער און מע פרעגט:

— ווי קומסטו צו די רענדלאַך?

— געפונען אויפ׳ן שליאַך, — ענטפערט שמערל נאַר קורץ.

פאַרשטייען שוין אַלע אַז דער סוחר האָט אַ טעות געהאַט. מע האָט אָבער דעם סוחר פאַרגעסן. אַלע זיינען פאַרטאָן מיט שמערל נאַר.

— וואָס ווילסטו דערפאַר?

— גאָרנישט.

— גאָרנישט, פאַר אָפּגעבן אַזויפיל געלט?

— גאָרנישט. איך וויל ניט האָבן קיין געלט. אויף וואָס דאַרף איך עס?

— קאָן איך דיך מיט עפּעס באַלוינען? פרעגט דער רב. — דו האָסט געראַטעוועט אַ מענטשן.

— יאָ, רבי, איך וויל אייך עפּעס פרעגן, — זאָגט שמערל נאַר.

— וואָס?

— זאָגט מיר, וואָס מיינט „אינני יודע“?

— „איך ווייס ניט“ — ענטפערט דער רב.

טוט שמערל נאַר אַ זיפץ: „איר ווייסט אויך ניט? און ער גייט אַרוים פון הויז.

פאַרשטייט קיינער ניט וואָס דאָ טוט זיך. עפּעס אַ צעדרייטער אָרימאַן. ווער ווייסט? מסתמא אַ משוגענער.

### ווייטער אין וועג

גייט שמערל נאַר ווייטער. די וועלט איז גרוים און שיין. גרינע פעלדער. טונקעלע וועלדער. שטילע דערפער און טומלדיקע שטעט. רויטע פרימאָרגנס און בלאָע פאַרנאַכטן. גייט שמערל נאַר איבער דער וועלט, לייענט זיינע ביכלאַך, לערנט זיינע ספרים, רעדט זעלטן מיט עמיצן אַ וואָרט, שווייגט און טראַכט.

וואָלט שוין שמערל געוועןׂ איינגאַנצן צופרידן: ער קאָן ריידן און דאַרף ניט קיין מענטשן. קיינער קאָן אים ניט, דאַרף ער ניט מורא האָבן מען זאָל אים בעטן ווייזן וואונדער. איז דאָך אים גוט און וואויל. אָבער וואָס מיינט אָבער פאָרט „אינני יודע"? קיינער ווייסט ניט.

גייט שמערל נאָר אַרום און טראַכט: די וועלט איז דאָך גרויס. פאַראַן אויף דער וועלט אַ סך קלוגע מענטשן, וועט ער אַמאָל אָנטרעפן אַ מענטשן וואָס ווייסט אַלץ, וועט ער אים פרעגן.

קעניג כאַפּאַלץ און זיין מיניסטער מאָרדים

אין אַ וויטן לאַנד האָט געהערשט אַ קעניג מיטן נאָמען כאַפּאַלץ. דער קעניג איז געווען אַ בייזער און אַ שלעכטער. ליב געהאַט אַלץ פאַרכאַפּן און פאַרנעמען. זיינע מיניסטאָרן זיינען געווען נאָך ערגער פון אים. אָבער ערגער און גיפטיקער פון אַלעמען איז געווען זיין הויפּט מיניסטער מאָרדים.

אין יענעם לאַנד זיינען ניט געווען קיין אידן. אָבער אין דעם שכנישן לאַנד האָבן געוואוינט גאָר אַ סך אידן. די אידן האָבן געהאַנדלט מיט דער גאַנצער וועלט, און פיל פון זיי זיינען געווען גאָר רייך. האָט דער מיניסטער מאָרדים געזאָגט צום קעניג כאַפּאַלץ:

„לאָמיר מלחמה האַלטן מיט דעם שכנישן פאָלק און פאַרכאַפּן דאָס לאַנד".

האָט קעניג כאַפּאַלץ מלחמה געהאַלטן מיט דעם לאַנד און עס איינגענומען. און אַז ער האָט איינגענומען דאָס לאַנד, האָט ער אַ סך מענטשן אויסגעהרג'עט, און איבערהויפּט האָט ער אויסגעשאָכטן אַ סך אידן, ווייל כאַפּאַלץ האָט זייער פיינט געהאַט אידן.

דער מיניסטער מאָרדים האָט אָבער פיינט געהאַט אידן נאָך מער ווי דער קעניג, האָט ער געזאָגט צום קעניג:

— טרייב אַרויס די אידן פון לאַנד, און פאַרכאַפּ זייער פאַרמעגן.

— ווי קאָן איך אַרויסטרייבן אַ טייל פון דער באַפעלקערונג אָן אַן אויסרייד?

— איך וועל צוטראַכטן אַ שפיצל.

איז מיניסטער מאָרדים געזעסן זיבן טעג און זיבן נעכט און האָט געטראַכט. דערנאָך איז ער געקומען צום קעניג און האָט אַזוי געזאָגט:

„זאָל דער קעניג אַרויסלאָזן אַן אויסרוף, אַז די אידן זיינען אַ פאָלק פאַרשאָלטן פון גאָט, ווייל זיי גלויבן ניט ווי מיר גלויבן. דער קעניג וויל דערפאַר ניט אַז זיי זאָלן פאַראומרייניקן זיין הייליק לאַנד. דעם קעניגס מיניסטאָרן האָבן אים אפילו געראָטן ער זאָל אַרויסטרייבן די אידן און צונעמען זייער פאַרמעגן. דער קעניג איז אָבער גוט־האַרציק, האָט ער באַשלאָסן צוזאַמענצורופן די אידישע קליגסטע לייט און קעגן זיי אַוועקשטעלן זיין הויפּט מיניסטער מאָרדים.

„מען וועט אויסגראָבן אַ טיפן גרוב, און לעבן גרוב וועט מען אויפשטעלן אַ פּלאַטפאָרם. די אידישע קלוגע לייט וועלן מעגן פרעגן מיניסטער מאָרדים וועלכע פראַגן זיי ווילן, און דער מיניסטער וועט פרעגן די אידישע קליגסטע לייט וועלכע פראַגן ער וויל. און עס וועט זיין אַזוי; וועלן די אידן פרעגן דעם מיניסטער מאָרדים אַ פראַגע און ער וועט ניט וויסן וואָס צו ענטפערן, וועט מען אים אַריינוואַרפן אין גרוב און די אידן וועט מען לאָזן צורו. אויב אָבער די אידישע קלוגע לייט וועלן ניט וויסן דעם ריכטיקן ענטפער אויף מאָרדימס פראַגע, וועט מען זיי אַריינוואַרפן אין גרוב, און אַלע אידן אַרויס־טרייבן פון לאַנד, און זייער פאַרמעגן וועט געהערן צום קעניג. דער קעניג וועט זיין דער ריכטער.“

דער קעניג האָט אויסגעהערט מאָרדימס עצה און האָט גע־שמייכלט:

„קלוג, קלוג, מאָרדים, אַט אַזוי נאַרט מען אָפּ דאָס פאָלק. אַט אַזוי נאַרט מען זיי אין זאַק אַריין. זאָלן זיי מיינען אַז גערעכטיקייט געוועלטיקט. זאָלן זיי מיך האַלטן פאַר דער גערעכטיקייט אַליין... כאַ, כאַ, כאַ, איך וועל זיין דער ריכטער!“

ווען די אידן האָבן דערזען דעם קעניגס פּראָקלאַמאַציע, האָבן זיי פאַרשטאַנען דעם קעניגס פּלאַן, און זיי האָבן געזאָגט צו זייערע פירער: „לאָמיר דעם רשע אַוועקגעבן אונדזער פאַרמעגן און פאַר־לאָזן דאָס לאַנד צוליב וואָס פאַרגיסן אומשולדיק בלוט?“

האָבן די אידישע פירער געענטפערט און געזאָגט:

„וואָס רעדט איר? מיר וועלן פאַרלאָזן זיין לאַנד? אָט־דאָס לאַנד וואו מיר וואוינען איז אונדזער היים שוין הונדערטער יאָרן. אונזערע עלטערן און אורעלטערן האָבן דאָ געוואוינט. מיר האָבן די ערד מיט אונדזער בלוט און שוויים באַנעצט. יעדעס גרעזעלע, יעדעס שטיינדעלע איז אונדז ליב. מיר וועלן דאָס לאַנד ניט פאַרלאָזן, סיידן מען וועט אונדז מיט גוואַלד אַרויסטרייבן, אידן טאָרן ניט פאַרלירן דעם בטחון. אפשר וועט געשען אַ נס.

די אידן האָבן געטרויערט, געוויינט, און געוואַרט אויף דעם שרעקלאַכן טאָג.

דער טאָג איז געקומען.

אויף אַ סקוועראין דער הויפּט שטאָט האָט מען אויפגעשטעלט אַ גרויסע פּלאַטפאָרם. אויף דער פּלאַטפאָרם איז געזעסן קעניג כאַפּאַלץ מיט זיינע מיניסטאָרן אין סאַמעטענע מונדירן מיט גילדערנע קנעפּ און אַנטבלויזטע שווערדן אויף די קני. צווישן זיי איז געזעסן מאָרדים און האָט געשמייכלט. דער קעניג האָט צו אים שטיל געזאָגט:

— וואָס זיי וועלן פרעגן, זאָלסטו ענטפערן בוידעם, לאָקשן, פּאָליצע. איך בין דאָך דער ריכטער

אויף דער אַנדערער זייט פון דער פּלאַטפאָרם זיינען געזעסן די אידישע פירער, איינגעבויגענע, טרויעריקע: זיי האַלטן דעם גורל פון אַ פאָלק אויף זייער צונג.

שמערל נאַרם אומשולדיקע פראַגע

**א**ון שמערל נאַר איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד. ביז ער איז אָנגעקומען אין דעם לאַנד, וואו עס האָט געהערשט דער קעניג כאַפּאַלץ. גייט שמערל נאַר אַריין אין דער הויפּט שטאָט. זעט ער אַז די גאַנצע שטאָט איז אויפן סקוועער

און אין צענטער פון סקוועער שטייט אַ פּלאַטפאָרם. און אויף דער פּלאַטפאָרם שטייט אַ העראָלד און רופט אויס:

— שטיל זאָל זיין! אָט באַלד וועט זיך אָנהויבן דער גרויסער וויכוח. מיניסטער מאָרדים וואָס רעדט אין נאָמען פון גאָט, וועט ענטפערן אויף אַלע פראַגן וואָס די אידישע קלוגע לייט וועלן אים פרעגן. זאָלן זיי אים פרעגן די שווערסטע פראַגן אין וועלכער שפראַך זיי ווילן אַליין. זאָלן זיי אים פרעגן, ווייל דער גרויסער קענער און חכם, מיניסטער מאָרדים, ווייסט אַלץ.

שמערל נאַרס אויגן האָבן אויפגעלויכטן: אָט איז איינער וואָס ווייסט אַלץ. האָט ער זיך דורכגעשטופּט צווישן עולם, איז אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרם, איז צוגעגאַנגען צום מיניסטער מאָרדים, און אים געפרעגט:

—וואָס מיינט „אינני יודע“?

מאָרדים האָט אַ שמייכל געטאָן. ער האָט געקאָנט גוט העברע־איש, און אַזאַ פראַגע איז דאָך נאַריש צו ענטפערן גלאַט אין דער וועלט אַריין. ער ווייסט דאָך דעם ענטפער אַזוי גוט. האָט מאָרדים געענט־פערט רואיק און קלאָר:

— „איך ווייס ניט“.

דער קעניג איז אויפגעציטערט געוואָרן. מאָרדים האָט אים פאַרראַטן. ער האָט געווים גענומען גענוג געלט פון די אידן, און אַ צאָרן האָט זיך אין אים אָנגעצונדן, און ער האָט אויסגערופן:

— דו ווייסט ניט? אין גרוב אַריין!

און די זעלנער האָבן אַ כאַפּ געטאָן מאָרדימען און אים אַריינגע־וואָרפן אין דעם טיפן גרוב.

שמערל נאַר האָט זיך אָפּגערוקט פון פּלאַטפאָרם, זיך אויסגע־מישט מיט דעם עולם, און האָט גערעדט צו זיך:

„אפנים קיינער ווייסט ניט אַלץ, קיינער ניט“. און שמערל איז ווידער אַוועק אין וועג אַריין.

# שמערל נאַר ראַטעוועט אַ שטאָט מיט אידן

דער טייטש פון די צוויי ווערטער

ש מערל נאַר איז אַוועק פון כאַפּאַלצעס מדינה אַ צעטומלטער. אַזויפיל מענטשן זיינען געווען אויפן סקווער און אויף דער פּלאַטפּאָרם. אַזעלכע חשובע געלערנטע מענטשן: אידן מיט גרויסע בערד, רבנים מיט קלוגע אויגן און ברייטע שטערנס, גענעראַלן מיט גאָלדענע עפּאָלעטן, סענאַטאָרן מיט גלאַנציקע צילינדערס, בי־שאָפן מיט רויטע יאַרמולקעס, און אַ מיניסטער פון גאָט געשיקט. אַזוי האָט דער העראָלד געזאָגט, און אָט־דער מיניסטער שטייט פאַר אַלע קלוגע לייט גרייט צו פאַרענטפערן זייערע אַלע פראַגעס, און ווייסט דאָך ניט וואָס עס מיינט „אינני יודע”. מאָדנע!

מאָדנע, מאָדנע! וואָס האָט דאָס פאָלק אַזוי געפרייט זיך? פאַרוואָס האָט דער קעניג זיך אַזוי גע'כעס'ט? און פאַרוואָס האָט מען דעם מיניסטער אַריינגעוואָרפן אין דעם טיפן גרוב אַריין?

פאַרשטייט עס ניט שמערל נאַר.

גייט אַזוי שמערל איבער דער וועלט, אָנגעטאָן אין אַלטע שמאַטעס, עסט ברויט מיט וואַסער, שלאָפט אויפן האַרטן דיל. רעדט מיט קיי־נעם ניט. זוכט, גריבלט זיך אין ספרים, שווייגט, הערט וואָס מענטשן ריידן. טראַכט איבער יעדעס וואָרט וואָס ער הערט, חלומ'ט אָפט מאָדנע פאַרפּלאָנטערטע חלומות. באַנאַכט, אין דער פינצטער, ווערן אַ סך זאַכן אים קלאָר. באַטאָג ווערט אָבער אַלץ ווידער מאָדנע. שווייגט ער. זיין מויל פאַרשלאָסן. אָבער די אויגן אָפן און ווערן גרעסער, גלאַנצן ווי בײַ אַ מענטשן וואָס איז פאַרטיפט אין זיך.

ס'איז אַריבער דער זומער. ס'איז געקומען דער האַרבסט. ס'איז

שוין סוף־ווינטער — פרילינג. ס'איז פאר פסח. קומט שמערל נאר אן אין א גרויסער שטאט, וואו עס וואוינען א סך אידן.

גייט שמערל איבער דער שטאט, קומט צו צו א הויז. פון הויז טראגן זיך שטימען פון חדר־אינגלאך. בלייבט שמערל שטיין: קינ־דערשע שטימען. זיין יאנקעלע דארף שוין איצט לערנען גמרא, בערל — חומש, וואו זיינען זיי איצט? וואס טוען זיי? כאפט שמערלען אן א בענקשאפט אהיים, צו זיין פרוי, צו זיינע קינדער. שפארט ער זיך אן אויף זיין גראבן שטעקן און הערט זיך איין ווי די קינדער לער־נען. הערט ער ווי די קינדער זאגן די „הגדה".

„כנגד ארבעה בנים דברה תורה — אקעגן פיר זין האט די תורה גערעדט. אחד חכם — איינער א קלוגער, אחד רשע — איינער א שלעכטער, אחד תם — איינער א נאר, ואחד שאינו יודע לשאול — און איינער וואס...

אבער שמערל האט ניט דערכאפט די לעצטע עטלאכע ווערטער, כאטש ער האט אנגעשפיצט די אויערן. האט ער אפגעווארט ביז די קינדער זיינען ארוים פון חדר, אפגעשטעלט א אינגל און געפרעגט:

— זאג מיר, זונעלע, וואס מיינט „אינני יודע"?

— „איך ווייס ניט", — זאגט דאס אינגל קורץ און שארף.

— וואס הייסט דו ווייסט ניט? — פרעגט שמערל, — דו האסט דאך דאס נאר־וואס געלערנט?

קוקט דאס אינגל אויף שמערלען מיט ברייט צעעפנטע אויגן און זאגט:

— אט דאס איז דאך דער טייטש פון „אינני יודע". אויף לשון־קודש „אינני יודע", — און אויף אידיש — „איך ווייס ניט". אפגעזאגט און אוועק.

בלייבט שמערל נאר שטיין א צוגעשמידטער, א צעטומלטער: אט דאס איז עס, אט דאס מיינט עס... א פארדרוס האט זיך בא אים דערוועקט אקעגן זיך זעלבסט. ער האט זיך אליין גענומען זידלען: אנ'אמת, שמערל, דו ביזט א נאר, א יאלאפ, א לאקשנברעט פנים. דו ווייסט ניט אפילו וואו דיין אייגענע נאז געפינט זיך. שטופסט

זיך. פרעגסט אַ רב נאַרישע פראַגעס, און אַז ער ענטפערט דיר ווי אַ מענטש — אינני יודע — איך ווייס ניט. זאָגסטו נאָך „איך ווייס ניט“? האַ? און דו ווייסט ניט פון דיין לייב און לעבן וואָס דו רעדסט.

שמערל נאַרס גרויסע שרעק

געווען מענטשן פאַרביי און זען ווי אַן אָפּגעריסענער אָרימאַן שטייט און רעדט צו זיך אַליין מיט כעס. שטעלט מען זיך אָפּ, אָבער שמערל נאַר באַמערקט זיי ניט, טענה'ט זיך אויס מיט זיך אַליין, געפונען זיין צונג: לייענסט ספרים, האַ? דו טאָרסט ניט. רעדסט צו מענטשן, האַ? דו טאָרסט ניט. פרעגסט פראַגעס, דו שוטה, וועסט נאָך ברענגען אַ צרה, דו נאַר.

באַ די ווערטער האָט אים אַ ברי געטאָן אין מוח: זיכער אַ צרה. ער האָט שוין געבראַכט אַ צרה אויף אידן אין כאַפּאַלצ'ס מדינה. דער קעניג האָט זיך גע'כעס'ט, דעם מיניסטער האָט מען אריינגעוואָרפן אין גרוב. דער קעניג איז געווען פול מיט צאָרן, און סאָלדאַטן האָט ער געהאַט אַ סך. אידן זיינען דאָרט געווען, וועט ער זיך אָפּרעכענען מיט די אידן... און שמערל האָט זיך גענומען קלאַפּן אין האַרצן: איך בין שולדיק, איך בין שולדיק, איך האָב בלוט פאַרגאָסן, דער קעניג וועט אַלע אידן אויסהרגענען.

מענטשן האָבן זיך אָפּגערוקט פון שמערלען, און ער איז אַנטלאָפן. אַנטלאָפן איז שמערל נאַר אין וואַלד. דאָרט האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט אָן עסן און אָן טרינקען. די פיס זיינען אים געשוואָלן געוואָרן. דער רוקן האָט אָנגעהויבן וויי־טאָן. דער נאַקן ברעכן. האָט ער זיך דערשלעפּט צו דער שטאָט פערמע און איז פאַרגאַנגען אין שול אַריין.

אין שול האָט ער זיך פאַרקליבן הינטער דעם גרויסן קאַכליענעם אויוון. ער איז געווען צעבראָכן, מיד, איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז אין שול געווען שטאָק־פינצטער. איבערן אָרון־קודש האָט געברענט אַ קליין לעמפּל, דער נר־תמיד. דאָס קליינע לעמפּל האָט באַלויכטן די צוויי לייבן, אויס־געשניצט פון האָלץ, פון ביידע זייטן פון אָרון־קודש. איבער די טירלאַך

פון אָרון־קודש איז געהאַנגען אַ סאַמעטענער פּרוכת. אויפן פּרוכת זיינען געווען אויסגעהעפט די צען געבאָט. מיט גאָלדענע פעדים זיינען די אותיות געווען אויסגעהעפט און האָבן געבלישטשעט אין דער טונקלקייט.

האָט שמערל געקוקט אויף די שימערירנדיקע אותיות און האָט געטראַכט: דאָס זיינען גאָטס ווערטער. הינטער זיי, אין אָרון, צווישן די תורות, איז גאָט באַהאַלטן. באַטאָג קאָן ער, שמערל, ניט צוגיין אַזוי נאָענט צום הייליקן אָלמער. אָבער איצט. באַנאַכט, קיינער זעט ניט, וועט ער וואַגן. ער וועט אויסגיסן זיין ביטער האַרץ פאַר גאָט, ער וועט זיך מודה זיין אויף זיינע עבירות. גאָט וועט אים מוחל זיין.

גייט שמערל צו און עפנט די טירלאַך. שטעקט אריין דעם קאָפּ צווישן די תורות, שפּאַרט זיך אָן מיט די הענט אָן ברעג פון אָרון, און פאַרגייט זיך אין אַ געבעט... איז אים גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן, האָט ער פאַרמאַכט די טירלאַך, פאַרצויגען דעם פּרוכת און איז געוואָרן רואיקער.

אַ גרויסע שרעק איז אים אָבער באַפאַלן, ווען ער האָט פלוצים אַ קוק געטאָן אויף זיינע הענט: זיי זיינען געווען רויט און אויסגע־שמירט מיט בלוט. איצט איז ער שוין געווען זיכער, אַז גאָט האָט אים באַשיינפּערלאַך געוויזן, אַז ער האָט פאַרגאָסן בלוט, אַז ער איז אַ זינדיקער, אַ רוצח, אַ מערדער!

שמערל נאַר פירט אוים אַ שליחות.

עפנט זיך די טיר פון בית־המדרש, און עס קומט אריין דער אַלטער פערמער רב. ער איז געקומען, ווי זיין שטייגער איז, זיך זעצן לערנען. איז שמערל צו אים צוגעלאָפן, איז אים געפאַלן צן די פיס, און האָט אויסגערעוועט מיט אַ שטים פון אַ פאַרוואונדעטער חיה:

— רבי, ראַטעוועט!

— ווער ביסטו? — פרעגט דער רב.

— איך בין שמערל נאַר.

— טאָ שטיי אויף, שמערל, דו ברענגסט דאָך שטענדיק גוטס. עמיצן העלפסטו דאָך אַלעמאָל.

— איך העלף קיינעם נישט, רבי. איך בין אַ זינדיקער, און גאָט האָט עס מיר איצט נאַר־וואָס באַוויזן.

— וויין ניט, און פּרואוו דערציילן אַלץ, מיט אַ סדר, מיט אַ טאַלק.

האָט שמערל נאַר דערציילט וואָס עס איז פאָרגעקומען און דער רב האָט געזאָגט:

— אַזוי, דו האָסט געעפנט דעם אָרון־קודש, צוגעלייגט דעם קאָפּ צו די תורות, אָנגעשפּאַרט זיך מיט די הענט, און צומאַכנדיק די טיר־לאַך האָסטו דערזען, אַז דיינע הענט זיינען איינגעשמירט געוואָרן אין בלוט?

— רבי, איך האָב געוואָלט גאָט בעטן.

— גוט, שמערל, וויין ניט. האָסט געהאַט אַ שליחות און האָסט עס דורכגעפירט.

— איך פאַרשטיי ניט, רבי.

— איך ווייס, אַז דו פאַרשטייסט ניט. אָבער דו דאַרפסט ניט פאַרשטיין. גיי אַוועק פון פערמע, גיי אין האָמעל און האַלט דאָרט פּסח.

— האָט מיר גאָט פאַרגעבן, רבי?

— דו האָסט ניט געזינדיקט, שמערל, דו האָסט אַ גרויסע זאַך אויפגעטאָן. האָסט געראַטעוועט אַ גאַנצע שטאָט אידן.

— איך פאַרשטיי נאָך אַלץ ניט, רבי.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דו דאַרפסט ניט פאַרשטיין. זיי רואיק, גיי.

שמערל נאַר האָט גענומען זיין טאָרבע און איז אַוועק.

און דער רב האָט אָנגעקלאַפּט צום שמש: „בערע, שטיי אויף, שנעל, מיר דאַרפן אויסראַמען דאָס חמץ פון גאָטס הויז“.

## שמערל נאר

### דער קרעמער גרעבאניק.

אין דער שטאָט פּערמע האָט געוואוינט אַמאָל מיטן נאָמען גרעבאַניק. אָט דער גרעבאַניק האָט פיינט געהאַט אידן. גאַנץ אָפט פלעגט ער זיך אָנשיכורן, און שיכורערהייט פלעגט ער ארומגיין איבער די גאַסן און שרייען: „מען דאַרף אויסקוילען אַלע אידן!" „מע דאַרף אויסראָטן די אומגלויביקע. זיי זיינען פון גאָט פאַרשאָלטן. מיר טאָרן זיי ניט דולדן. טויט צו די אידן".

גרעבאַניק האָט געוואָלט די אידן אויסראָטן, ווייל זיי זיינען געווען זייער שטאַרקע געשעפטס-קאָנקורענטן. די אידן האָבן ניט געשיכורט, האָבן זיי געקאָנט בעסער אַכטונג געבן אויף זייערע קראָמען. האָבן געהאַלטן וואָרט, האָבן זיי געהאַט גוטן קרעדיט. אָבער גרעבאַניק האָט ניט דערציילט דעם אמת פאַרוואָס ער האָט פיינט די אידן. ער האָט אומישנע געליאַרעמט, אַז די אידן זיינען אומגלויביקע און מען דאַרף זיי פון שטאָט פאַריאָגן, כדי דער המון זאָל האַלטן פון אים און קומען צו אים אין געשעפט.

און בא גרעבאַניקן אין הויז האָט זיך געהאָדעוועט אַ אינגל, אַ יתום, מיטן נאָמען סטעפּאַן. סטעפּאַן איז געווען אַ קיילאַכדיקער יתום, אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען. פאַר אַלעמען האָט גרעבאַניק געמאַכט אַ פרום פּנים, אַז ער האָדעוועט סטעפּאַנען פון רחמנות וועגן. אין דער אמת'ן האָט דאָס אינגל זיין ברויט כשר פאַרדינט. ער האָט אַכטונג געגעבן אויף דער קראָם, געוואַשן דעם דיל, געמאַכט דעם אויוון, אָפּגעקערט דעם טראָטואַר לעבן הויז און לעבן דער קראָם, האָט אָפּגעטראָגן אַלע פּעקלאַך צו די קונים, און האָט אפילו געקאָכט פאַר גרעבאַניקן.

דעם בייזן קרעמער איז דאָס אָבער נאָך אַלץ געווען צו ווייניק. ער האָט אויף דעם אינגל געשריען. אים גערופן „אומזיסטער פרעסער", „פוילער הונט", „אייזלשער קאָפּ". און האָט אפילו ניט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ. איבערהויפּט פלעגט סטעפּאַן אָפּקומען, ווען גרעבאַניק פלעגט קומען אַהיים אַ שיכורער.

גרעבאניק שיכורט זיך אן.

יענעם יאר איז דער גויאישער פסח אויסגעפאלן כמעט אין דער־זעלבער צייט ווי דער אידישער, און גרעבאניק האט געארבעט שווער. אלע אוונט פלעגט ער פארטרינקען זיין מידקייט אין שענק, און צוויי טעג פאר פסח איז ער אהיים געקומען טויט־שיכור, מער ווי אלע מאל.

ווען ער איז אריין אין הויז, האט ער זיך אויסגעצויגן אויף דער סאפע און האט א קאמאנדעווע געטאן: „סטעפאן, צי מיר אראפ די שטיוול„.

דאס אינגל האט געפאלגט, אבער דעם שיכור איז ניט געפעלן געווארן ווי אזוי דאס אינגל שלעפט אים אראפ די שטיוול, האט ער אים געגעבן א קנאק מיט א פוס אין בויך.

סטעפאן איז געבליבן ליגן אויפן דיל און האט זיך געקארטשעט פון ווייטיק.

— דו פוילער הונט, דו אומזיסטער ברויט־פרעסער, די שטיוול טו מיר אוים, — האט גרעבאניק געקאמאנדעוועט.

— איך קאן זיך ניט אויפהויבן, — האט סטעפאן געקרעכצט.

— דו הינטיש מויל, — האט דער שיכור זיך געקאכט — דו רעדסט מיר נאר אקעגן? אן עלטערן פון דיר רעדסטו אקעגן? איך וועל דיך אויסלערנען מאניערן. איך וועל דיר ווייזן ווער עלטער איז, — און ער האט א כאפ געטאן א שטול און א ווארף געטאן דעם אינגל אין קאפ.

סטעפאן איז געבליבן ליגן אויסגעצויגן שטיל. און גרעבאניק, טויט־שיכור, איז אוועקגעפאלן אויף דער סאפע און איז איינגעשלאפן.

א שייער אויף טאג איז גרעבאניק אויפגעשטאנען, אויסגעגלייכט די גלידער, ברייט געגעניצט און גענומען שרייען: „סטעפאן, וואו ביסטו? גיב מיר א קאלטן טרונק וואסער. אין מויל איז פאסקודנע, פוי". אבער קיינער האט אים ניט געענטפערט. ער האט ווידער גע־וואלט אנהייבן שרייען, האט ער דערזען ווי סטעפאן ליגט אויסגעצויגן אויפן דיל.

— אוי, דו פוילער הונט, פעפער דו איינער, אויפן דיל גאָר איינ־געשלאָפן, — האָט גרעבאַניק גערעדט שטיל, גיפטיק. — דו הינטישער מוח, אייזלשער קאָפּ. ווי עס פּאַפּט גאָר. איך וועל דיר ווייזן. — און גרעבאַניק האָט אָנגעשעפּט אַ קאַלטן עמער וואַסער און אַ פליוך געטאָן אויפן אינגל.

סטעפּאַן האָט זיך אָבער ניט אויפגעכאַפּט. גרעבאַניק איז צוגע־גאַנגען צום קינד, אים גענומען טרייסלען, אָבער דער קערפּער איז געווען קאַלט. סטעפּאַן איז געווען טויט.

אין אָנהויב האָט גרעבאַניק זיך פאַרלוירן, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן: דערהרגעט אַ מענטשן. באַלד איז ער אָבער געפאַלן אויף אַ פּלאַן. ס'איז ערב־פּסח, וועט ער אונטערוואַרפן דאָס אינגל צו די אידן. און דערווייל וועט ער שוין אויך פּטור ווערן פון די פאַרשאָל־טענע קאָנקורענטן.

די ערשטע נאַכט פון פּסח אין שול.

די ערשטע נאַכט פּסח. אַלע אידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין שול. דער חזן האָט געזאָגט „הלל" מיט דעם שיינעם ניגון. דער עולם האָט נאָכגעזאָגט יום־טובדיק.

מיטאַמאָל האָט זיך געעפנט די טיר פון דער שול, און עס איז אַריינגעקומען אַן אַפּטיילונג פּאָליציי. מיט דער פּאָליציי איז געווען דער פּאָליצמייסטער, דער בירגערמייסטער און אויך גרעבאַניק.

האָט דער בירגערמייסטער אָפּגעשטעלט דאָס דאַווענען און האָט געזאָגט:

— איר זאָלט וויסן אידן, מען האָט געפונען אַ דערהרגעט קריסט־לאַך קינד, און מיר האָבן עדות, אַז איר האָט דאָס קינד דערהרגעט, כדי צו באַנוצן זיין בלוט אויף מצות. אַ טייל פון דעם בלוט האָט איר אפילו באַהאַלטן אין אָרון־קודש. עפנט דעם אָרון, און זאָל מען אַרויס־נעמען דאָס באַהאַלטענע בלוט.

דער המון אין דרויסן האָט געשטורעמט און געליאַרעמט: „טויט די אידן!"

אַלע פאַרזאַמלטע אידן האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן: אַ בלוט־בלבול! נאָר צוויי זיינען געבליבן רואיק.

— עפן דעם אָרון, — האָט דער רב געזאָגט צום שמש, — און נעם אַרויס וואָס דאָרטן שטייט.

דער שמש האָט געפאָלגט און האָט אַרויסגענומען אַ פלעשל און עס געגעבן דעם רב. דער רב האָט גענומען דאָס פלעשל און עס גע־געבן דעם בירגערמייסטער: „נאָט עס אייך, — האָט דער רב געזאָגט, — איז דאָס חלילה בלוט, אָדער ראָזשענקע־וויין?

— וויין? — זאָגט דער בירגערמייסטער, — מירן באַלד זען,

— און ער האָט געעפנט דאָס פלעשל, אַ שמעק געטאָן, — טאַקע אַנ׳אמת, ס׳שמעקט ראָזשענקע־וויין. — ער האָט אויסגעגאָסן אַביסל אויף דער פלאַך פון האַנט, אַ לעק געטאָן, — אוי, ס׳האָט דעם טעם פון וויין. — ער האָט דאַן אָנגעגאָסן אַ ביסל אין אַ גלעזל, אַ זופּ געטאָן, — יאָ, עס איז אמת׳ער וויין.

— ווי אַזוי איז עס מעגליך, אַז דאָס איז וויין? — האָט גרעבאַניק אַ צעטומלטער אויסגעשריען. — עס קאָן ניט זיין, איך האָב אַליין אַהין אַריינגעשטעלט אַ פלעשל בלוט.

— וואָס, וואָס זאָגסטו? דו האָסט אַליין אַריינגעשטעלט אַהין אַ פלאַש בלוט? — האָט דער בירגערמייסטער געפרעגט פאַרוואונ־דערט. — וואָס מיינסטו דערמיט?

גרעבאַניק האָט זיך געכאַפּט אָן זיין טעות: „איך מיין, איך זאָג, איך האָב אַליין געזען ווי זיי האָבן עס אַהין אַריינגעשטעלט, — האָט גרעבאַניק געפּלאָנטערט מיט דער צונג.

— ווי האָסטו עס געזען?

— איך האָב זיך באַהאַלטן אין שול.

— ווי קומסטו אין שול אַריין? וואָס האָסטו דאָרט געטאָן? וואָס האָסטו דאָרטן צו טאָן?

און דער רב, וואָס איז געשטאַנען דערביי, האָט רואיק באַמערקט: „פרעגט אים, פרעגט אים, ער ווייסט אַלץ".

און טאַקע וואָס מער מען האָט גרעבאַניקן אויסגעפרעגט, אַלץ

מער האָט ער זיך פאַרפּלאָנטערט. צום סוף האָט ער זיך מודה געווען.
אַלע אידן אין שטאָט האָבן געמיינט אַז עס איז געשען אַ נס. אָבער דער רב און דער שמש האָבן געוואוסט דעם אמת. זיי האָבן געוואוסט דורך וועמען די גאַנצע שטאָט אידן איז געראַטעוועט געוואָרן. יאָרן, יאָרן שפּעטער האָבן זיי דערציילט די מעשה, ווי אַזוי שמערל נאַר האָט געראַטעוועט אַ שטאָט מיט אידן.



# אין יענע יאָרן.

שמערל נאַר באַגעגנט אַ מאַן מיט אַ רויטער באָרד.

שמערל נאַר איז שוין געווען זיכער אַז ער האָט ניט געזינדיקט. ער האָט געגלויבט דעם רבֿ. אים איז אויך געבליבן אין זכרון דעם רבס רייד, אַז סע מאַכט ניט אויס וואָס ער, שמערל נאַר, פאַרשטייט ניט. האָט ער מער קיינעם גאָרניט געפרעגט. געגריבלט זיך אין ספרים, געחלומט חלומות, נאָכגעטראַכט זיינע חלומות, געפרופט פאַנאַנדערקלייבן זיך אין אַלץ וואָס ער פאַרשטייט ניט, און טאָמער האָט ער ניט געפונען וואָס ער זוכט, האָט ער אַלץ געשוויגן.

און ער איז געגאַנגען איבער דער וועלט, אַרומגעוואַנדערט אַ יאָר, צוויי, דריי. קיינער טשעפּט אים ניט און ער טשעפּעט קיינעם ניט. אַליין.

אָפט פלעגט שמערל נאַר אַפילו ניט וועלן נעכטיקן אין שטאָט. גענעכטיקט אין וואַלד. ער האָט ליב געהאַט שלאָפן אונטער אַ בוים, קוקן אויף די שטערן דורך די צווייגן און זיך שפּילן מיט די דורכגעזייטע לבֿנה-שטראַלן. ער פלעגט זען אַ שטערן ווי ער פינקלט אין דער פינצטער און טראַכטן: דאָרטן אויפן שטערן איז ליכטיק. אַ וועלט וואו קיין נאַכט איז ניטאָ איז אַ שיינע וועלט. פלעגט ער חלומען פון שטערן און פוןביימער, וואָס בליען אַ קיילאַכדיקן יאָר און פון בלומען וואָס פאַרוועלקן קיינמאָל ניט.

שמערל נאַר פלעגט זיך אויפכאַפּן אין מיטן נאַכט, הערן דאָס געזאַנג פון אַ פויגל, דאָס געשריי פון אַ ווילדער חיה. איינדרימלען, חלומען, חלום און וואָר פלעגן זיך צוזאַמענמישן, און ער האָט ניט געוואוסט וואָס איז וואָר און וואָס איז חלום.

לעצטנס האָט ער אין דער שטילקייט פון דער נאַכט געהערט

אַפּט אַ פּייפן, אַ קלאַפּן, טריט פון מחנות מענטשן; אַפּשיין פון ברענענדיקע הויפן, קלעפּ פון די קאָפּיטעם פון פערד. ער האָט עס אָנגענומען פאַר חלומות.

גייט אַזוי שמערל נאַר און קומט אָן אין די קאַרפּאַטן בערג. ס'איז אָוונט-צייט. קוקט זיך שמערל נאַר ארום — זוכט אַ פלאַץ וואָס איז אַ ביסל באַשיצט — אָן אָרט צו שלאָפן. קומט אים אַנטקעגן אַ מאַן מיט אַ רויטער שייגער באָרד, אָנגעטאָן אין אַ שאָפן פעלצל און אויפן קאָפ אַ פּויערשע טוכענע היטל. שטעלט דער מאַן אָפּ שמערלען און זאָגט:

— שלום עליכם, שמערל.

בלייבט שמערל נאַר שטיין פאַרוואונדערט, פון וואַנען קאָן אים דער מאַן, אָבער ער ענטפערט:

— עליכם שלום.

— זוכסטו וואו צו שלאָפן? — פרעגט אים דער מאַן.

— איך זוך וואו צו שלאָפן, — ענטפערט שמערל נאַר.

— קום, שמערל, דו וועסט שלאָפן אין מיין שטיבל.

גייט שמערל.

גייען זיי.

זיי זיינען צוגעקומען צום שטיבל. דריי ווענט צוזאַמענגעקלאַפּט פון דינע ברעטלאַך. די פערטע וואַנט איז די זייט פון באַרג. אינעווייניק איז אָבער וואַרעם, ציכטיק. דאָס גאַנצע שטיבל פאַרוואָרפן מיט ספרים.

קוקט שמערל נאַר. אַליין אין די בערג. אַזויפיל ספרים. מאָדנע. אָבער ער שווייגט. שווייגן קאָן ער.

דער מאַן פאַרבעט שמערלען צום טיש. עסן זיי. אָפּגעגעסן. זיצן זיי. דער מאַן רעדט ניט צו שמערלען, און שמערל צום מאַן אוודאי און אוודאי ניט.

ס'איז געוואָרן שפּעט האָבן זיי זיך געלייגט שלאָפן.

אינמיטן דער נאַכט האָט שמערלען אויפגעוועקט אַ זיסע שטים. ער עפנט די אויגן זעט ער ווי דער איד זיצט לעבן פענצטער, די

לבנה שיינט אַריין אין שטיבל, קענען שיין פון דער לבנה זיצט דער מאַן און לערנט.

קוקט שמערל נאַר אויפן אידן ווי ער האַלט אַ גרויסע גמרא און לערנט אַזוי געשמאַק, שמערלען טוט באַנג וואָס ער קאָן ניט לערנען. אפשר וועט דער איד אים אויסלערנען.

גייט ער אַראָפּ פון בעט, גייט צו צום אידן. דער מאַן איז אָבער אַזוי פאַרטאָן אין לערנען, אַז ער האָט ניט געהערט ווי שמערל נאַר איז צו אים צוגעגאַנגען.

## א געשפּרעך.

שמערל נאַר האָט דעם מאַן אַ לייכטן ריר געטאָן מיט דער האַנט:

— רבי, קאָנט איר מיך אויסלערנען גמרא?

כאַפּט זיך אויף דער מאַן ווי פון שלאָף, טוט אַ קוק אויף שמערלס פּנים און ענטפערט קורץ:

— ניין.

— פאַרוואָס ניט? — פרעגט שמערל נאַר.

— ווייל דאָס איז ניט דיין אַרבעט. יעדע זאַך אויף גאָטס וועלט האָט איר שליחות. די קו גיט מילך. ביימער גיבן פרוכט. אויף די פעלדער וואַקסן קאָרן און ווייץ. איינער נייט שטיוול, אַ צווייטער — קליידער, דער דריטער — זייעט, אַ פערטער — בויט הייזער. פאַראַן אָבער פלאַנצן וואָס האָבן ניט זייערע וואָרצלען אין דער ערד. זיי זויגן זיך איין אין אַנדערע פלאַנצן. לעבן אויף פרעמדע זאַפטן. מענטשן אויך אַזוי. פאַראַן ליידיקגייער, וואָס לעבן אויף יענעמס אַרבעט, און דערפון נעמען זיך אַלע צרות.

— איך טו דאָך גאָר ניט, — שלאָגט אים שמערל נאַר איבער.

— דו דאַרפסט ניט טאָן. דיין אַרבעט איז ברענגען גוטס אויף דער וועלט. העלפן מענטשן.

— און דיין אַרבעט?

— איצט האַק איך האָלץ און פאַרדין מיין חיונה. יאָרן שפּעטער

וועל איך זיין אַ פירער באַ אידן. איך וועל זיין אַ בעל-שם. איך וועל לערנען די אידן זיי זאָלן לעבן אין פרייד. איך וועל זיי לערנען אַז גאָט האָט ליב אַלעמען גלייך: דעם האָלצהעקער, דעם שוסטער, דעם שניידער, דעם סטאָליאַר, זיי האָט ער ליב פונקט אַזוי ווי דעם למדן, דעם געלערנטן. איך וועל זיי לערנען אַז מען קאָן גיין אין גאָטס וועגן ניט נאָר מיט פייניקן זיך און האַלטן טאָג און נאַכט אין איין לערנען, נאָר פּראָסט — יעדער זאָל טאָן זיין אַרבעט גוט און ערלאַך, זיין שטענדיק פריילאַך, פול מיט שמחה.

— און דערווייל לערנט איר אַפילו אין מיטן נאַכט, — זאָגט שמערל.

— ווייל דאָס איז מיין אַרבעט. איך וויל זיין אַ בעל-שם.

— און איך?

— דו גיי אויף דער וועלט. אָבער ניט אויף דעם איצטיקן וועג. קער זיך אום, גיי צוריק. דו זאָלסט גיין צום טייך דניעפּר. מען פאַרגיסט דאָרטן אַ סך אידיש בלוט. דו וועסט עס אָפּשטעלן.

— ווער פאַרגיסט בלוט?

— איינער אַ גאָנטע און זיינער אַן אַרויסהעלפער רעשעם.

— פאַרוואָס טוען זיי דאָס?

— די פריצים האָבן געדריקט די קאָזאַקן פונקט ווי פּרעה אַמאָל די אידן.

— און וואָס זיינען די אידן שולדיק?

— די אידן זיינען שולדיק אין די קאָזאַקנס אויגן, ווייל די אידן זיינען געווען די שטעקנס אין די הענט פון די פריצים.

— איך פאַרשטיי ניט.

— עס מאַכט ניט. טו דיין שליחות, גיי צוריק. קער זיך אום צוריק, און גיי צום טייך דניעפּר.

— און וואָס זאָל איך טאָן?

— טו גאָרניט. גיי אין דיין וועג און בלייב וואָס דו ביסט, שמערל נאָר. אין דעם ליגט דיין קראַפט.

אַ שייער אויף טאָג האָט שמערל נאָר זיך געלאָזט אין וועג.

## אין יענע יאָרן

### אַ כאַפּטע בלינדע בעטלער.

אַז שמערל נאַר איז אָנגעקומען צום דניעפּר האָט ער געזען אַ סך צעשטערטע הויפן, פאַרברענטע פּאַלאַצן, חרובע שטעט. גייט שמערל נאַר ווייטער.

אין וועג טרעפט אָן שמערל אַ כאַפּטע בלינדע בעטלער. די בעטלער האָבן לירעס און באַנדורעס. גייען זיי און שפּילן און בעטלען. רופט זיך אָן אַ קרומער בעטלער מיט אַ רויטער באָרד צו שמערלען:

— ברודער בעטלער, וואוהין גייסטו?

— ערגיץ ניט, — ענטפערט שמערל נאַר.

— קום מיט אונדז אין נעמיראָוו. מיר גייען אין נעמיראָוו, — זאָגט דער קרומער בעטלער.

— און וואָס וועלן מיר טאָן אין נעמיראָוו? — זינגט אויס אַ בעטלער.

די ברידערלאַך קאָזאַקן זיינען דאָרטן, — ענטפערט אַ צווייטער.

— וואָס טוען זיי? טוט אַ בורטשע אַ דריטער.

זיי שיסן פּאָליאַקן און אידן, פּאַנעס און זשידעס. איי— זינגט דער בעטלער, — וועט דאָרטן זיין פריילאַך!

— קום מיט אונדז זאָגט דער קרומער בעטלער.

— איך גיי ניט קיין נעמיראָוו, — ענטפערט שמערל.

— דו רעדסט פון וועג, קום מיט אונדז, — טענה'ט אַלץ דער קרומער בעטלער.

ענטפערט ניט שמערל און וויל גיין אין זיין וועג. הויבט דער קרומער בעטלער אָן שפּילן אויף אַ באַנדורע און זינגען:

„שמערל נאַר דאַרף גיין,\
„גיין, זען און שווייגן.\
„מוז האָבן אויגן פון גלאָז\
„און אַ האַרץ פון אייזן.\
„אַלטע ווייבער וויינען אין אַ צרה,\
„יונגע מענער זיינען פול מיט קאַמף

„גרויסע מענטשן שווייגן און וואַרטן,
„וואַרטן ביז מען דאַרף.
„שמערל נאַר דאַרף פֿאָלגן,
„גיין זען און שווייגן,
„מוז האָבן אויגן פֿון גלאָז.
„און אַ האַרץ פֿון אייזן.

בלייבט שמערל נאַר שטיין. אַ באַקאַנטע שטים. אַ באַקאַנט פּנים אַ באַקאַנטע באָרד. קערט ער זיך אום און גייט מיט די בעטלער קיין נעמיראָוו.

אין נעמיראָוו

די שטאָט נעמיראָוו איז פֿאַרפּלייצט מיט קאָזאַקן. שטייען הייזער האַלב אָפּגעברענט. אין די גאַסן וואַלגערן זיך שטיקער מעבל. צעריסענע קליידער. דאָ און דאָרט פֿאַרגליווערט בלוט און שטיקער פֿלייש — קוקן אויס ווי מענטשלאַכע גלידער.

שטייט אַ הויז מיט אויסגעבראָכענע פֿענצטער און אויפֿגעפּראַלטע טירן. אָפֿן און פּוסט. דורך די אָפֿענע טירן זעט מען אַן איבערגעקערט בענקל. אין הויף וואַלגערט זיך אַ טיש מיט צוויי פֿיס.

אַ הויז אינגאַנצן אָפּגעברענט. אפֿילו פֿון בוים לעבן הויז איז געבליבן נאָר אַ פֿאַרברענט שטיקל שטאַם. אַ שטיקל פּלויט איז געבליבן. אויפֿן פּלויט אַ שניי ווייס העמד, ערשט מיט אַ טאָג צוריק אויסגעוואַשן און אויפֿגעהאַנגען טרוקענען.

עס הערט זיך געזאַנג פֿון שיכּורים און שפּילערייַ פֿון האַרמאָניקעס. פֿון ערגיץ־וואו דערטראָגט זיך אַ קרעכץ און אַ געשריי אָבער איבער אַלץ קנאַלט אָפּ אַ שאָס.

גייט שמערל נאַר מיט די בלינדע בעטלער. און די בעטלער זינגען אַ לויב צו די בראַווע קאָזאַקן. אַ פֿריילאַך געזאַנג לכּבֿוד די קריגערישע העלדן, אַ זיג־ליד צום פֿאָטערל און באַשיצער — גאָנטע קאָזאַק.

און גאָנטע קאָזאַק זיצט אין אַ אידיש הויז, זויפֿט שנאַפּס און

קאָמאַנדעוועט: „צעשניידן, צעשיסן אַט־די אַלע אומגלויביקע. דער טייוול איז אין זיי. אויסקוילן זאָל מען אַלע אידן. די קינדער און פרויען אויך. לאָזט ניט קיין לעבעדיקע נשמה. איך מעג עס טאָן. איך האָב די :גאָלדענע גראַמאָטאַ" — אַ דערלויבעניש פון דער קעניגען."

די קאָזאַקן צינדן די שטאָט. ברעכן וואָס עס קומט אונטערן האַנט. רויבן און טרינקען בראָנפן.

און שמערל נאַר גייט איבער דער שטאָט מיט די בעטלער און זעט ווי אידישע מוטערס זיינען אויסגעלייגט, זויג־קינדער ליגן לעבן די מאַמעס, ווילן זויגן און קיין מילך איז ניטאָ.

וויינט שמערלס האַרץ, קרעכצט ער.

רופט זיך אָן אַ בעטלער: „אוי דו איינער און אַזוינער, וואָס קרעכצסטו ווי אַן אַלטע באָבע?"

ענטפערט שמערל נאַר און זאָגט: „קינדער וויינען נאָך זייערע מאַמעס".

— די קאָזאַקלאַך וועלן אויך די קינדער אויסהרגענען, — ענט־פערט אַ בעטלער.

— פאַרוואָס? — פרעגט שמערל נאַר.

— וואָס פרעגסטו אַזעלכע זאַכן? וואָס, דו ביסט ניט קיין גלויביקער?

— ער איז אַ גלויביקער פונקט ווי איך, — רופט זיך אָן דער קרומער בעטלער מיט דער רויטער באָרד.

—דו ביסט אַ גלויביקיר, דו, איז וואָס קרעכצסטו? — זאָגט אַן אַנדער בעטלער צו שמערלען.

— אייך איז גוט, ווייל איר זענט בלינד, — זאָגט שמערל נאַר.

— מיר וואָלטן געוואָלט זיין זעענדיקע, דו איינער. מיר וואָלטן געוואָלט זעען די נקמה אָן די זשידעס. דו רעדסט מיט רחמנות גאַר. גאַר ניט ווי קיין קאָזאַק. דו ביסט ניט קיין גלויביגער.

— אַז איך האָב אייך געזאָגט אַז ער איז אַ גלויביקער, — מישט זיך ווידער אַריין דער קרומער בעטלער, — און דו, דו אַלטע באָבע

פאַרמאַך דאָס מויל, האָסט זיך שוין צערעדט. אַז עס איז דיר קאַלע-מוטנע אויפן האַרצן, נעם זשע אַ טרונק בראָנפן, און ווער פאַרשטומט.

## דאָס געזאַנג פון די בלינדע בעטלער

דער קרומער בעטלער און שמערל נאַר האָבן גענעכטיקט אין וואַלד. שמערל נאַר האָט איינגענורעט זיין פנים אין טאָרבע און געכליפּעט. דער קרומער בעטלער האָט גערעדט:

—דיין האַרץ איז פול מיט ווייטיק, שמערל, אָבער דו מוזט זיין שטאַרק. ביסט אַ שליח, דיר איז פאָרט בעסער ווי זיי.

— ניט בעסער.

— נו, זאָל זיין ניט בעסער. זאָל זיין דאָסזעלביקע. זאָל זיין ערגער. דו דאַרפסט אָבער דיינס אָפּטאָן.

— ווי קאָנען זיי עס אָבער טאָן, רבי?

— איך ווייס ניט, שמערל, שאַ, דו הערסט?

עס האָט זיך געהערט דאָס געזאַנג פון די בלינדע בעטלער:

„די אידן, די אידן<br>
האָבן אונדזער גאָט געהאַנגען.<br>
געקרייצט אים,<br>
געמוטשעט אים.<br>
די אייגעלאַך אויסגעשטאָכן,<br>
האָבן זיי.<br>
די הענטלאַך אויסגעבראָכן,<br>
האָבן זיי.<br>
די הערעלאַך אויסגעצופּט,<br>
האָבן זיי.<br>
די נעגעלאַך אויסגעריסן,<br>
האָבן זיי.<br>
די טרערעלאַך ניט געזען,<br>
האָבן זיי.

די אידן, די אידן
האָבן אונדזער גאָט געהאנגען,
געקרייצט אים,
די אידן, די אידן,
זיי, די אידן, די אידן."

— דו הערסט, שמערל?

— איך האָב עס ניט געטאָן.

— איך אויך ניט. קיינער האָט עס ניט געטאָן. זייער האַרץ איז אָבער פול מיט רציחה. טראַכן זיי אוים ליידן וועגן זייער גאָט, כדי עס אונדז אָנטאָן.

— איך פאַרשטיי ניט וואָס דו זאָגסט. אָבער ווי קאָנען זיי עס טאָן?

— איך פאַרשטיי אויך ניט. נאָר פאַרפאַלן, דו בלייב דאָ. רעשעס איז אין נעמיראָוו. מאָרגן זאָלסטו גיין גלייך מיטן שליאַך. איך פאַרלאָז דיך. כ'מוז גיין ווייטער מיט די בעטלער.

דער קרומער בעטלער מיט דער רויטער באָרד איז פאַרשוואונדן, און שמערל נאַר איז געבליבן נעכטיקן אין וואַלד.

## איין איד צופיל

אשפּראָץ אויף טאָג איז שמערל נאַר אַוועק מיטן שליאַך. גייט ער פאַרטראַכט, פאַרזאָרגט, הערט ניט און זעט ניט וואָס עס טוט זיך אַרום אים. ער הערט ניט ווי הינטער אים קומען אָן רייטער. זעקס רייטער, דריי פון יעדער זייט וועג. צווישן זיי אויפן שליאַך — זעקס אידן. די רייטער טרייבן די אידן. זיי שמייסן די אידן מיט בייטשן, און די אידן מוזן אָנהאַלטן מיט די פערד.

שמערל נאַר קוקט זיך ניט אום. אָט איז ער צווישן די געטריי־בענע אידן. פילט אויף זיך די בייטש און די זידל־ווערטער פון די רייטער. „דו זינדיקע נשמה, גיי, וואָס [illegible]סטו, ס'איז אַ אידישע חתונה?"

צו מיטאָק־צו זיינען די פערד מיד געוואָרן. האָבן זיך די רייטער אָפּגעשטעלט. די ערשטע זאַך האָבן זיי געגעבן די פערד עסן. דערנאָך האָבן זיי אַ טרונק געטאָן אַ גוט ביסל שנאַפּס. דערנאָך גענומען זיך רייצן מיט די אידן.

רייצן זיי זיך און איינער אַ קאָזאַקל טוט אַ זאָג: „טו נאָר אַ קוק, מיר האָבן דאָך זיבן אידן. וויפיל אידן האָט אונדז דער אַטאַמאַן געהייסן אָפּפירן אין טולטשין, ניט זעקס?“

— זעקס אידן.

— אָבער מיר האָבן דאָך דאָ זיבן אידן?

—דו ביסט פון זינען אַראָפּ.

— גלויבסט ניט? — טאָ צייל.

ציילט איבער דער צווייטער רייטער — אנ׳אמת, זיבן אידן, ווי קומט עס? הייסט ער ציילן דעם דריטן רייטער. ציילט ער — פּאָרט זיבן אידן. האָבן אַלע זעקס רייטער געציילט און ס׳איז אויס־געקומען זיבן אידן. האָבן זיך די אבערגלויבערישע רייטער דערשראָקן און געזאָגט איינער צום אַנדערן:

— מיר טאָרן וויטער ניט גיין. מיר זיינען פאַרכישופט. לאָמיר צוריקפאָרן צום אַטאַמאַן.

קומען זיי צוריק צום אטאמאַן און דערציילן אים די מעשה, צעשרייט זיך דער באַטקאָ.

— אוי איר הינט, פערדישע קעפּ, צעפוילטע מאַרכעס וואָס איר זענט. איר האָט זיך שוין ווידער אָנגעשיכורט. איך וועל פון אייך פּאַסן רייסן.

— אמת, געטרונקען אַביסל, פאָטערל. אָבער מיר זיינען ניט שיכור, האָבן געענטפערט די רייטער.

— איז ווי אַזוי קאָנט איר האָבן זיבן אידן, ווען איך האָב אייך געגעבן זעקס?

— פאַרכישופט, פאָטערל.

— איך וועל אייך באַלד געבן „פאַרכישופט“, איר זינדיקע נשמות. איר קאָנט ניט ציילן. אָט וואָס דאָס איז. יעדער קאָזאַק פון אייך

געמט אַ אידן. איר זענט זעקס קאָזאַקן, וועלן מיר זען צי איר האָט ניט מער ווי זעקס אידן.

האָבן זיי אַזוי געטאָן. איין איד איז אויסגעבליבן. אַן אמת, זיבן אידן.

— וועלכער איד איז צוגעקומען, האָט זיך דער אַטאַמאַן געוואונדערט, לאָמיר זען?

מאַטוויי שרייבער, קום אַהער, האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן דער אַטאַמאַן, רוף די נעמען פון די געפאַנגענע וואָס מיר האָבן געשיקט קיין טולטשין.

מאַטוויי האָט אויסגערופן די נעמען, איז אויסגעבליבן שמערל נאַר.

— און ווער ביסטו, דו זיבעטער, אַ כישופמאַכער? איך וועל באַלד זען. מירן זען צי דיין כישוף וועט דיר העלפן קעגן מיין שווערד. — און דער אַטאַמאַן נעמט אַראָפּ זיין שווערד פון וואַנט און גייט צו נאָענט צו שמערלען. גייט צו, טוט אַ קוק, דערקענט אים, און שרייט אויס: „פירט זיי אַלעמען אַרויס, אַלעמען. לאָזט מיך מיט דעם זיבעטן".

רעשעס גיסט אויס זיין ביטער האַרץ

געבליבן אַליין. גייט צו דער אַטאַמאַן צו שמערלען און זאָגט:

— דאָס ביסטו, הייליקער מאַן?

— דאָס בין איך, רעשעס.

— ווי קומסטו אַהער?

— איך ווייס ניט.

— וואָס מיינסטו דו ווייסט ניט?

— מען האָט מיר געהייסן.

— ווער?

— ער.

— גאָט? דיין גאָט האָט דיר געהייסן? מיר האָבן ניט מורא פאַר דיין אידישן גאָט. אָ, אייער אידישער גאָט האָט מורא פאַר

אונדז. מיר האָבן זיינע שולן פאַרברענט, די תורות צעריסן, פאַר־שמוצט. וואָס האָט אייער גאָט געטאָן? מיר האָבן אייערע פרויען געפייניקט, די קינדערלאַך דערהרגעט, די אַלטעלייט צעקוועטשט. נו, וואָס?

קוקט אים אָן שמערל נאַר מיט פאַרטראַכטע אויגן און זאָגט:

— ווי קאָנסטו עס טאָן?

בלייבט רעשעס אפּהענטיק. ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן. ער האָט זיך גערעכט אַז דער הייליקער מאַן וועט אים שטראָפן און סטראַ־שען, און דער הייליקער פרעגט אים גאָר שטיל: „ווי קאָנסטו עס טאָן?" און ס'איז דאָך טאַקע אַ רחמנות. צעוויינט זיך דער אַטאַמאַן רעשעס:

— אָ, דו הייליקער. די פּריצים האָבן אונדזער הויט געשונדן. די אידן האָבן די פּריצים געהאָלפן. און די ברידער קאָזאַקן האָבן היים בלוט און זיי נעמען נקמה. און ס'איז אייער שולד. אייער גאָט איז אַ שטאַרקער. זאָל ער ניט לאָזן.

— איך פאַרשטיי ניט.

— דו פאַרשטייסט, הייליקער. אייער גאָט איז אַ קלוגער אויך. ער מאַכט זיך נאָר אַזוי. פונקט ווי דו האָסט זיך געמאַכט, אַז דו ווייסט גאָרניט אין האַרוואַטס הויף. דיין גאָט מאַכט זיך נאָר אַזוי, אַז ער שווייגט. ער וויל די קאָזאַקן זאָלן שטאַרק זינדיקן, וועט ער זיי אַלעמען אויסהרגענען. און דאָס קאָזאַקן־פאָלק איז ניט שולדיק. ס'איז גאַנטעם שולד. ער ווייזט זיי די „גאָלדענע גראַמאָטאַ" — דעם באַפעל פון דער קייסערין צו פאַרטיליקן אַלע אידן. און די „גאָלדענע גראַ־מאָטאַ" איז אַ געפעלשטע. און אָט גיב איך דיר אַ פּאַפּיר, וואָס ווייזט ווי גאַנטע האָט געפעלשט די „גאָלדענע גראַמאָטאַ". אויך ווייזט דאָס פּאַפּיר, אַז גאַנטע קלייבט אַ גרויסע אַרמיי צו גיין אויף פוילן אויסראָטן אַלע אידן, ווי די געפעלשטע „גראַמאָטאַ" הייסט. אויך וויל ער אויסהרגענען אַלע פּאָליאַקן, פאַר אויפהאַלטן די אידן. גיב עס איבער די רבנים.

— איך זאָל איבערגעבן די רבנים?

— יאָ, די זעקס אידן האָבן מיר געלאָזט לעבן, כדי זיי זאָלן אָוועקשיקן אין טולטשין מיט דער נייעס וועגן דער „גאָלדענער גראַמאָטאַ“. אַזוי אַז די קאָזאַקן־איינוואוינער פון טולטשין זאָלן אונדז העלפן. דו וועסט איבערגעבן אָט־די פּאַפּירן דיינע רבנים. זיי וועלן שוין וויסן וואָס צו טאָן מיט די פּאַפּירן. דו וועסט ראַטעווען דיינע אידן און איך מיין קאָזאַקן־פּאָלק. ווייל זיי זיינען זינדיק מיינע קאָזאַקן, פאַרגיסן אומשולדיק בלוט.

רעשעס האָט געהאַלטן וואָרט און אַוועקגעשיקט שמערלען צוזאַמען מיט די זעקס אידן.

* * *

אַז די אידן זיינען געוואָר געוואָרן פון גאָנטעס פּלענער, האָבן זיי עס געלאָזט וויסן דעם פּוילישן גענעראַל בראָנעצקי אין שאַריגאָראָד. ווען גענעראַל בראָנעצקי האָט דערהערט אַז גאָנטע ריכט זיך אָנפאַלן אויף פּוילן, האָט ער אַרויסגעשיקט אַ גרויסע אַרמיי קעגן גאָנטען און אים באַזיגט. רעשעס איז געפאַלן אין שלאַכט. גאָנטען האָט מען געכאַפּט און אים געמשפּט ווי אַן איינפאַכן פאַרברעכער.

שמערל נאָר איז דאַן געווען העט וויט, וויט אין די קאַרפּאַטן בערג.



## שמערל נאַרס טויט

### ח ל ו מ ו ת

שמערל נאַר האָט זיך געלאָזן איבער דער וועלט. ער איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד. קיינער האָט אים ניט דערקענט, קיינער האָט אים ניט באַמערקט: צוריק דער אַלטער, איינגעהויקערטער בעטלער ווי געווען.

און שמערל נאַר האָט געקלאַפּט אין טירן, גענומען נדבות, צעטיילט די נדבות צווישן די קרומע, לאָמע, קראַנקע, קרעציקע, און אַליין פלעגט ער אָפּקומען מיט אַ דאַר שטיקל ברויט און קאַלט ברונעםוואַסער.

ער איז געגאַנגען פון לאַנד צו לאַנד. געזען מענטשן. געהערט ווי זיי רעדן. האָט נאָכגעקוקט זייער האַנדלען און וואַנדלען. געקוקט, געזען, געהערט און געשוויגן.

ער האָט געשוויגן און גע'חלומט.

פון קינדוויז אָן פלעגט שמערל נאַר האָבן אַ סך חלומות. איין חלום פלעגט באַ אים אַלץ זיין קלאָר און גלאַט. אָבער ווען ער פלעגט אויפשטיין, האָט ער, אָדער פאַרגעסן די חלומות, אָדער זיי ניט געקאָנט פאַרשטיין. באַטאָג איז ער געווען שמערל נאַר, דער יאָלאָפּ, די בהמה, דער לאָקשנברעט-פּנים, דער פערדישער קאָפּ. אָבער באַנאַכט איז ער געווען דער חכם, דער טוער, דער פירער, — קלוג, שאַרף און שיין.

#### דער חלום מיט דער שיף

איינגלוויז פלעגן זיך אים כמעט שטענדיק חלומען צוויי חלומות, וואָס האָבן אים ניט געגעבן קיין רו.

איין חלום:

אַ גרויסע שיף. אויפן דעק פון שיף ריין, ציכטיק. די דילן באַדעקט מיט טעפּיכער. די ווענט באַהאַנגען מיט וואונדערבאַרע

טאַפּעטן. שטולן געשניצט פון צעדערן, טישן געמאַכט פון מאַהאַגענע האָלץ. טעלער אויסגעהאַמערט פון ריין גאָלד. בעכער אויסגעגאָסן פון לויטערן זילבער. לעפל אויפגעשניצט פון עלפאַנטביין.

אונטן, אין בויך פון דער שיף — פיר רייען בענקלאַך, איינס איבער ס׳אַנדערע. צו יעדן בענקל צוגעשמידט אַ שקלאַף. דעם שקלאַפס רעכטע האַנט צוגעשמידט צו אַ וועסלע. דאָס טרייבן זיי די שיף.

איינס צוויי,

איינס צוויי.

קלאַפּט דער אויפזעער מיט אַ האַמער.

איינס — אַ דריי די וועסלע.

צוויי — אָפּגעלאָזן.

טאָג איין, טאָג אויס, אָן אַן אויפהער.

די היץ שטיקט אומ׳רחמנותדיק.

די צונג איז צוגעקלעפּט צום גומען.

און עס קלאַפּט:

איינס צוויי,

איינס צוויי.

איינס — אַ דריי די וועסלע.

צוויי — אָפּגעלאָזן.

אויפזעער גייען אַרום צווישן די רייען. אַט האָט אַן אויפזעער באַמערקט ווי אַ שקלאַף שלעפּט ניט די וועסלע, ווי עס באַדאַרף צו זיין. אַ שמיץ מיט אַ גראָבער, רימענער בייטש, אַז אַ סימן איז געבליבן אויף דער פּלייצע. דער שקלאַף בעט וואַסער. ווידער אַ סווישטש מיט דער בייטש. בלוט באַווייזט זיך, און דער שקלאַף דרייט ווידער די וועסלע.

איינס צוויי,

איינס צוויי.

איינס — אַ דריי מיט דער וועסלע.

צוויי — אָפּגעלאָזן.

## שמערל נאַר

אַנאַנדער שקלאַף חלש'ט. צוויי וועכטער לויפן צו, של'יסן אים אָפּ, און וואַרפן אַריין דעם אָרימען מענטשן אין ים אַריין.

אויבן שפּילן שקלאַפן אויף האַרפן, און די פּרינצן, גראַפן און פּרינצעסינס טאַנצן. און אונטן:

איינס צוויי,
איינס צוויי.

איינס — אַ דריי מיט דער וועסלע.
צוויי — אָפּגעלאָזן.

שמערל נאַר איז איינער פון די שקלאַפן. עס ברענט אים אין האַרצן אַ פייער:

— פאַרוואָס?

מיטאַמאָל טוט ער זיך אַ ריס. אָפּגעריסן די קייטן. אויפגעשפּרונגען מיט אַ געשריי:

— שקלאַפן, דערוואַכט!

און יעדער שקלאַף פאָלגט אים. צערייסט די קייטן און וואַרפט זיך אויף די פייניקער...

עס שווימט אַ שיף. ניט מיט שקלאַפן נאָר מיט פרייע מענטשן. און די מענטשן זינגען, זינגען אַ לויב צו זייער דערלייזער און באַפרייער.

שמערל נאַר שטייט לעבן רודער. ער רודערט די שיף, און קוקט ווייט-ווייט. דאָרטן איז אַ ברעג. ער וועט ברענגען זיינע דערלייזטע שקלאַפן צו אַ זיכערן ברעג. — — — — — — — — — — — — — — — —

### די זינגענדיקע פּיראַמידע

און נאָך אַ חלום פּלעגט זיך אים חלומען:

ער איז אין אַ ווייטן לאַנד. ווי ווייט דאָס אויג קאָן כאַפּן איז זאַמד. זאַמד און הימל. ווייט, העט-ווייט, זעט זיך אַ פּאַס וואַסער, לעבן וואַסער אַ שטאָט. נאָך דער שטאָט ווייטער מדבר. דאָרטן אין מדבר גרויסע הויכע דריי-קאַנטיקע געביידעס — פּיראַמידן.

אויף איינער פון די פּיראַמידן איז אויגעמאָלן אַ געזיכט פון אַ מענטשן. דאָס פּנים איז געמאָלן צו מזרח־צו. אַלע פרימאָרגן, ווען די זון גייט אויף, צעזינגט זיך דאָס געמאָלענע פּנים. עס צעזינגט זיך אַן ווערטער. נאָר אַ ניגון, אַ געזאַנג און אַ לויב צו דער זון, וואָס שיינט, וואַרעמט און גיט לעבן צום גרעזעלע אויפן באַרג, צום בוים אין טאָל און צום מענטשן אין שטאָט. — — —

אַזעלכע חלומות פלעגט שמערל נאַר האָבן. אָפט פלעגט ער געדענקען אַ ברעקל חלום. איינמאָל האָט ער זיך דערמאָנט כמעט דעם גאַנצן חלום, און פון גרויס באַגייסטערונג האָט ער אים גענומען דערציילן זיינע חברים. אָבער ריידן גוט האָט שמערל נאַר ניט געקאָנט, און די חברים האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ יאָלאָפּ, אַ בהמה. האָבן זיי זיך דערנאָך מיט אים גערייצט און געמאַכט אַ לידל אים נאָכצוזינגען און נאָכצוקרימען:

„שמערל נאַר האָט ניט קיין קאָפּ,
„נאָר אַ גרויסן ערדענעם טאָפּ,
„אַלע אינדערפרי,
„ווען מען טרייבט די קי,
„זינגט אַ מאַלפּע בא שמערל באַק
„אין זיין גרויסן געמאָלענעם קאָפּ.

שמערל נאַר פלעגט זיך וואַרפן שלאָגן און שיר ניט צעמאַזיקן די אָפּשפּעטער. אָבער צוביסלאַך האָט זיך שמערל אויסגעלערנט שווייגן. האָט ער געשוויגן וועגן אַלץ וואָס ער האָט געזען באַנאַכט אין חלום, אָדער באַטאָג אויפן וואָר. גאַנץ אָפט האָט זיך בא אים צוזאַמענ־געפּלאָנטערט דאָס וואָס ער האָט געחלומט מיט דעם וואָס ער האָט געזען באַטאָג.

ער האָט ווייניק געגעסן, שמערל נאַר, נאָך ווייניקער גערעדט, און אַ סך געחלומט. ער האָט זיינע האָר ניט געשוירן, זיין באָרד ניט געקעמט, זיינע קליידער ניט געביטן. ער האָט אויסגעזען זייער ווילד, — אַן אָפּגעלאָזענער, פאַרוואַקסענער בעטלער מיט אַ פלאַטשיק פּנים און אַ צעמישטן קוק.

און שמערל האָט פאַרגעסן אָן זיין פרוי און קינדער, פאַרגעסן וועגן אַלץ וואָס איז אַרום אים. ער איז געווען אַריינגעטאָן אין זיינע חלומות און אין זיין שוייגן. ער האָט זעלטן-ווען גערעדט אַ וואָרט, און ווען יאָ, — בלויז צו זיך אַליין. מענטשן פלעגן זיך אָפּקערן פון אים, אַנטלויפן, מורא האָבן. מע האָט געוויזן מיטן פינגער אויפן שטערן: ניט גלאַט דאָרט.

איז געגאַנגען שמערל נאַר, געגאַנגען, ביז ער איז אָנגעקומען אין אַ ווייטער מדינה.

## אַ רוף פון ערגעץ ווייט

ס'איז דאַן געווען ווינטער. אַ פראָסט האָט געברענט, און דער הימל איז געווען בלאָ, טיף-בלאָ, ים-בלאָ, קאַלטע בלאָקייט. שמערל נאַר איז געגאַנגען איבערן שניי און האָט געחלומט. געחלומט, און ניט געוואוסט וואָס. לעצטע נאַכט האָט ער אויך געזען אַ לאַנדשאַפט, איינגאַנצן באַדעקט מיט שניי, און איבער אַלץ אַ בלאָער הימל, און אַ שטים האָט גערופן: קום צו מיר, שמערל. און שמערל איז געגאַנגען ווייט-ווייט, און פאַרשוואונדן געוואָרן אין מעריב.

און ווי ער איז אַזוי געגאַנגען, האָט ער ווידער דערהערט אַ שטים:

„פון דער טיפעניש, רוף איך צו דיר, גאָט." האָט ער געהערט די שטים, און זיך ניט געוואונדערט, אַזעלכע שטימעס האָט ער שוין אַ סך מאָל געהערט אין חלום.

און דאָס קול האָט זיך געהערט ווידער און ווידער: —

„גאָט, דו אַלמעכטיקער, העלף מיר פון מיינע קליינע קינדערס וועגן.

קוקט זיך אַרום שמערל נאַר. זעט ער אַ פּאַלאַץ. גייט ער צום פּאַלאַץ. ער קומט נענטער, ווערט די שטים דייטלאַכער:

„אַפילו ווען איך בין אין פינצטערן טאָל פון טויט, פאָרכט איך ניט, ווייל איך גלויב אין דיר, מיין גאָט"!

קומט שמערל נאַר צו צום פּאַלאַץ. זעט ער אַ גאָרטן מיטביימער, פאַרשאָטן מיט שניי. אין גאָרטן אַ קליין רויט שטיבעלע, און אַרום שטיבעלע צוויי וועכטער מיט בלויזע שווערדן. הערט ער אַז די שטים קומט פון שטיבל, און דער קלאַנג איז ווי פון אונטער דער ערד אַרויס.

וויל שמערל צוגיין נענטער צום שטיבל, שטעלן־אָן די וועכטער די שווערדן: מען טאָר ניט.

הערט זיי ניט שמערל נאַר: שוין אַזוי פיל מאָל געזען אַזעלכע זאַכן אין חלום.

גייט ער צו האַרט צו די וועכטער: „ווער וויינט עס דאָ?"

דערשרעקן זיך די וועכטער: אַ מענטש האָט ניט קיין מורא פאַרן טויט, ווערט ניט בלייך, שטאַמלט ניט, גיי שטעך אים.

ענטפערט איין וועכטער: „בעסער גיי אַוועק פון דאַנען. ווען דער פריץ וועט דיך דערזען רעדנדיק מיט מיר, וועט ער אונדז ביידן אויפהענגען.

פרעגט שמערל באַם צווייטן וועכטער: „ווער קלאָגט עס דאָ? ענטפערט דער צווייטער וועכטער:

— אַ איד מיט זיין ווייב און דריי קינדער זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין גרוב, אין ג'עפּענקעניש.

— פאַרוואָס? — פרעגט שמערל נאַר.

— וואָס ווייסן מיר, — ענטפערן די וועכטער, פּראָסטע ערלאַכע פּויערים. — אפשר פאַר ניט באַצאָלן קיין געלט, וואָס דער איד איז אים שולדיק געווען? אפשר פאַר ניט וועלן טאַנצן דעם בערן־טאַנץ? דער טייוול ווייסט זיי דאָרט.

— ס'איז דאָך אָבער אַ רחמנות, — טענה'ט שמערל, — לעבעדיקע מענטשן, זיי וועלן נאָך פאַרפראָרן ווערן.

לאַכן די וועכטער מיט טרערן: „דו ביסט אַ נאַר, אַ גולם.

האָט אַ בליץ געטאָן שמערלען אין מוח: שמערל נאַר איז ער. שמערל נאַר, דער הייליקער, וואָס קאָן באַווייזן וואונדער.

„גיי זאָג דעם פּריץ אַז איך וויל אים זען, — האָט ער שטרענג אַ זאָג געטאָן צום וועכטער.

דערשרעקט זיך אַ ביסל דער וועכטער פאַר שמערל נאַרס שטרענגן טאָן, אָבער פאַרן פּריץ האָט ער נאָך מער מורא. ענטפערט דער וועכטער:

— וואָס ווילסטו פון מיר? איך בין אַ פאָטער פון פינף קינדער. ער וועט אונדז ביידן אויפהענגען.

טוט שמערל נאַר אַ זאָג נאָך שטרענגער:

— גיי צום פּריץ און זאָג אַז שמערל נאַר דער הייליקער וויל אים זען. שמערל נאַר וואָס האָט געוויזן וואונדער אין גראַף האַרוואַטס הויף, שמערל נאַר וואָס איז געווען פאַרן סענאַט.... גיי.

שמערל נאַרס ענטפער

פ ארשווינדט דער צעשראָקענער וועכטער. באַלד קומט ער צוריק: דער פּריץ וויל זען שמערלען.

גייט שמערל נאַר, קלאַפּט מיטן שטעקן אויף די פּאָלירטע דילן, און פאַרשמירט די טעפּיכער מיט זיינע נאַסע שטיוול. ער שטעלט זיך פאַרן פּריץ און פרעגט שטרענג:

— פאַרוואָס ווילסטו אומברענגען פינף נפשות?

— ווער ביסטו? — פרעגט דער פּריץ.

— איך בין שמערל נאַר, דער הייליקער.

— פון וואַנען ווייס איך עס? גלויבן דיר? — פרעגט דער פּריץ.

ווערט שמערלען ליכטיק אין מוח, פּונקט ווי אין חלום, ער קאָן ריידן, באַפעלן. ער איז דער הערשער.

— וואָס, דו גלויבסט מיר ניט? מיר גלויבסטו ניט? האָסטו וועגן מיר קיינמאָל ניט געהערט? איך האָב געראַטעוועט גראַף האַרוואַרטס פערד פון וועלף. איך האָב געפונען דעם קייסערלאַכן רינג. איך בין געשטאַנען פאַרן סענאַט. איך קאָן וואונדער ווייזן.

— וואונדער קאָנסטו ווייזן? — לאַכט דער פּריץ, — אַזוי,

וואונדער? — גוט. גיי אַרויס אין הויף. איך וועל אויף דיר אָנרייצן מיינע יאַגד־הינט, און ווייז מיר וואונדער. ווייז מיר אַז דו קאָנסט בלייבן לעבן.

— ענטפערט שמערל קורץ און שאַרף: „גוט".

גייען אַלע אַרויס אין הויף.

און דער פּריץ האָט געהאַט וואונדערבאַרע יאַגד־הינט. איינע אין לאַנד. די הינט זיינען געווען גרויס ווי בערן, און ווילד ווי הונ־געריקע וועלף. זיי זיינען אָבער געווען געלערנטע, קלוגע הינט. זיי פלעגן פאַרשטיין כמעט ווי מענטשן.

אין אָנהייב האָט דעם פּריצ׳ס הויפט באַדינער, דער עקאָנאָם, געהאַט גרויסע צרות פון די דאָזיקע הינט. ווען זיי פלעגן אַרויס אין גאָרטן, פלעגן זיי זיך וואַרפן אויף די סטראַשידלעס, וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען, כדי צו שרעקן די פייגל. די סטראַשידלעס האָבן אויס־געזען ווי אַלטע אידן, און די הינט פלעגן מיינען אַז דאָס זיינען לעבעדיקע מענטשן, און זיי צעריסן אויף שטיקער. האָט דער עקאָ־נאָם אויסגעלערנט די הינט, אַז דאָס זיינען ניט מער ווי פיגורן, און ווען ער פלעגט זיי אָנרייצן אויף זיי, פלעגן די הינט בלויז אַרומטאַנצן אַרום די סטראַשידלעס, אָבער זיי ניט אָנרירן.

שמערל נאַר איז אַרויס אין הויף, אַוועקגעשטעלט זיך און זיך אָנגע־שפּאַרט אויף זיין שטעקן, און איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן. דער עקאָנאָם האָט אַרויסגעלאָזט די הינט פון שטאַל, און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— צערייסט אים.

די הינט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו שמערלען, און האָבן אָנגע־הויבן אַרומטאַנצן אַרום אים: זיי האָבן אים אָנגענומען פאַר אַ סטראַשידלע.

דער פּריץ איז געבליבן פאַרגאַפט: אַ הייליקער, אַ ווייזער פון וואונדער. האָט ער באַלד געגעבן אַ באַפעל: אַרויסלאָזן דעם אידן פון געפענקעניש.

די באַדינער האָבן אויסגעפאָלגט.

## שמערל נאַר

שמערל נאַר האָט זיך אַ טרייסל געטאָן:
„איך האָב אויסגעפירט מיין שליחות, איצט דאַרף איך גיין."
ער האָט זיך אַ ריר געטאָן. די הינט זיינען נאָך געווען אין הויף. אַז זיי האָבן דערזען ווי שמערל רירט זיך, האָבן זיי זיך צו אים אַ לאָז געטאָן און האָבן אים צעריסן אויף שטיקער, — זיי האָבן דערזען אַ מענטשן.

## אַ מצבה

דער פריץ האָט מורא געהאַט ברענגען שמערלען אין שטעטל. ער האָט מורא געהאַט מען זאָל זיך ניט דערוויסן וועמען ער האָט דערהרגעט. האָט ער גענומען שמערל נאַרס קערפּער און אים באַגראָבן אין פעלד.

יאָרן שפּעטער איז אַ גרויסער בוים אויסגעוואַקסן אויף שמערל נאַרס קבר. אַ סך פייגל האָבן געמאַכט נעסטן אויפן בוים. פאַרטאָג, ווען די זון גייט אויף, צעזינגען זיך אַלע פייגל, — אַ געזאַנג און אַ לויב צו דער זון וואָס שיינט און וואַרעמט און גיט לעבן צום גרעזעלע אויפן באַרג, צום בוים אין טאָל און צום מענטשן אין שטאָט.

